**בען גאָלד בוך-קאָמיטעט**

מ. פינטשעווסקי, פּאָרזיצער
מערי פליישמאַן, פינ. סעקרעטאַר
דזשעק שניידער, וויצע־פּאָרזיצער
מ. בראַון, וויצע־פּאָרזיצער
טשאַרלס נעמעראָף, וויצע־פּאָרזיצער
אברהם ווייס, וויצע־פּאָרזיצער
ווירא טעפּט, רעק. סעקרעטאַר

ב ו ך ־ ק אָ מ י ט ע ט :

ענאַ באַגדאַנסקי
דזשוליוס גאָלד
בעלאַ גאָלדווירט
אסתר גראָסמאַן
וואָלטער נעלסאָן
בעסי נעמעראָף
בען פּעסקאָף
מיני ראַפּאַלאָוו
סאָניאַ שניידער
איוואַ ווייס

# בען גאָלד

# דער מזלדיקער

# דזשים

## נאָוועלע

אַרויסגעגעבן פון אַ בוך־קאָמיטעט/ניו־יאָרק, 1968

**BEN GOLD**

# DER MAZLDIKER DJSHIM

# LUCKY JIM

**(NOVEL)**

פאָרטרעט געצייכנט פון ק א ל ע ם

*Published by* **BEN GOLD BOOK COMMITTEE**

Copyright 1968 by Ben Gold, New York, N. Y.

*Printed in U. S. A.*

# אינהאַלט:

געווידמעט מיין עלטסטער שוועסטער פריידע

## 1

# „ביג דזשים"

דער ברייטער נישט־ברוקירטער וועג, וואָס פירט פון דער נעגעריש־באַפעלקערטער געגנט, האָט נישט געהאַט קיין נאָמען. אויף ביידע זייטן פונעם נאָמענלאָזן שטח האָט אויף אַ לאַנגער שטרעקע געהערשט די „דזשאָנגל־ווים־טעניש": — הויכע גראָזן, נידעריק־צעוואָקסענע ביימלעך, און דאָ און דאָרט — קליינע טייכלעך, וואָס האָבן זיך אין רעגן־סעזאָן צעגאָסן איבער די ברעגן און זיך אַרומגערינגלט מיט זומפּן. אין די זומפּן האָבן זיך געווימלט זשאַבעס און שלענג. אונטער דער ברענענדיקער זון אין די זומער־חדשים זיינען די זומפּן איינגעשרומפּן. מחנות פליגן, זומער־פייגעלעך, מאָסקיטעס און גראָז־שפּרינגערס האָבן אָנגעפילט די לופט מיט אַ זשומעריי.

דער וועג, וואָס האָט נישט געהאַט קיין נאָמען, האָט געפירט צום אַספאַלטירטן וועג, וואו עס איז געשטאַנען „ביג דזשימס" סאַלון. ווייטער אָפּגערוקט פון דער שענק, אויף אַ גרויסן שטח, איז געלעגן אויסגעשפּרייט דאָס געהילץ־געשעפט פון טשאַרלס בראַון און זיינע זין עדי און לאַרי. אַביסל ווייטער זיינען געשטאַנען אין גלייכע רייען הונדערטער נייע און גענוצטע אויטאָמאָבילן און „טראָקס", וואָס האָבן געהערט צום געשעפט פון די דריי סמיט ברידער: מאַרווין, מאַרטין און מאַרסעל, די זין פון „ראָסטי" (פאַרזשאַווערטער) רופוס און דאָרים סמיט.

נאָך ווייטער, ביי ביידע זייטן פון וועג, איינציקע ווייס־געפאַרבטע הייזער, אַרומגערינגלט מיט גרינע לאָנקעס און זאָרגעוודיק־אַרומגעשוירענע נידעריקע ביימלעך. די הייזער זיינען געווען אָפּגערוקט איינע פון די אַנדערע און זיינען געווען אין שטעטל פּאַראַדיז, וואו די ווייסע האָבן געוואוינט אין שיינע באַקוועמע וואוינונגען אַרומגערינגלט מיט בלומען און גערטנער און וואו כמעט אַלע גאַסן זיינען געווען ברוקירט.

אין און אַרום מעין סטריט האָבן זיך געפונען די גרעסערע און קלענערע קראָמען און רעסטאָראַנען. אַ גרויסע טעקסטיל־פאַבריק, אַ צעמענט־פאַבריק און קלענערע פאַבריקן זענען געווען אָפּגערוקט פונעם שטעטל. אויפן רחבות־דיקן פּלאַץ, נישט ווייט פונעם שטעטל, איז געשטאַנען אַ רויטע ציגלנע געביידע מיט גרויסע פענצטער און ברייטע טירן — די פּאַראַדיז „עלעמענטערי סקול".

„ביג דזשימס” סאַלון איז געווען דריי מייל פון פּאַראַדיז, וואָס איז גע־ווען אַרומגערינגלט אין פרילינג און אין זומער מיט בלומען פון פאַרשידענע קאָלירן. אַרום דעם בנין איז געווען גענוג פּלאַץ פאַר די אויטאָמאָבילן פון די שטענדיקע באַזוכער אין סאַלון. ביג דזשים, זיין ווייב נענסי און איר שוועסטער סוזי האָבן באַדינט די געסט, ווייסע מענער און פרויען, וואָס האָבן זיך געקוויקט מיטן ביטערן טראָפּן און די מאכלים, וואָס דער נעגער דזשים און זיין ווייב און שוועגערין האָבן זיי סערווירט.

ביג דזשים איז געווען איינער פון אַ קליינער צאָל נעגער, וועמען דאָס מזל האָט צוגעשפּילט. פון זיין סאַמע פריסטער יוגנט האָט דער קליינער דזשים געמוזט האָרעווען כדי צו פאַרדינען זיין ברויט. דעם טאַטן זיינעם האָט ער קיינמאָל נישט געזען. די מאַמע האָט ער געדענקט ווי אין חלום. ער און זיין יינגערע שוועסטער זיינען אויפגעכאַוועט געוואָרן ביי אַ באָבען אין גרויס אָרעמקייט.

ווען דזשים איז געוואָרן זעקס יאָר אַלט האָט ער אָנגעהויבן פאַרקויפן צייטונגען און געבראַכט דער באָבען פופצן אָדער צוואַנציק סענט פאַרדינסט אַ טאָג. די באָבע, וואָס איז געווען אַ דינסט ביי די ווייסע, האָט ווייניק פאַר־דינט און מען האָט געלעבט אין דלות. ווען דזשים איז אַלט געוואָרן צוועלף יאָר איז ער שוין פאַררעכנט געוואָרן פאַר אַ גליקלעכן נעגער־יינגל אין דער געגנט. אַ ווייסער פאַרמער האָט אים געדונגען צו אַרבעטן אויף זיין פאַרם. געאַרבעט האָט ער פון זון־אויפגאַנג ביז זון־פאַרגאַנג. ביים ווייסן אויף דער פאַרם האָט ער געהאַט גענוג צו עסן, און האָט זיך אויסגעלערנט טרייבן אַ טראַקטאָר, אַ טראָק, פאַרריכטן אַן אויטאָמאָביל און ווי זיך צו באַנוצן מיט אַ האַמער און אַ זעג. די פאַרמערקע האָט אים אויך אויסגעלערנט אַביסל שרייבן און לייענען.

אין די פיר יאָר, וואָס ער האָט געאַרבעט אויף דער פאַרם האָט ער נישט באַקומען קיין שכירות. איינמאָל אַ יאָר פלעגט מען אים געבן אַ פּאָר נייע הויזן, אַ העמד און אַ פּאָר שיך. צוליב דעם וואָס ער פלעגט אָפּט פאָרן מיטן פאַרמער אין שטאָט, כדי איינצוקויפן נייטיקע שפּייז־אַרטיקלען און הויז־מכשירים, ווי זאַלץ, מעל, צוקער, קאַווע אָדער טשוועקעס, האָט ער אויסגע־פונען, אַז אין שטאָט קאָן מען אַרבעטן פאַר שכירות. דעמאָלט האָט ער באַ־שלאָסן, אַז ער וועט אַוועק פון דער פאַרם און אַרבעטן אין שטאָט.

אַרבעט האָט דעמאָלט נישט געפעלט. די ערשטע וועלט־מלחמה פון 1914 האָט געבראַכט „פּראָספּעריטי” צו די פאַראייניקטע שטאַטן. די לענדער, וואָס האָבן געפירט מלחמה, האָבן געמאַכט גרויסע באַשטעלונגען אין אַמע־

ריקע. זיי האָבן זיך געניייטיקט אין וואָפן, קאַנאָנען, ביקסן, שיפן, לאַסט־וועגענער, און האַנט־גראַנאַטן און קוילן און אַנדערע מאָרד־אינסטרומענטן. דערצו האָט זיך צפון־אַמעריקע געגרייט אַריינצוטרעטן אין וועלט־קריג און די געווער־פּראָדוקציע האָט פיבערדיק געאַרבעט. די אַמוניציע־פאַבריקן האָבן געאַרבעט 24 שעה אַ מעת־לעת און איבער די וועגן פון לאַנד האָבן זיך גע־צויגן לאַנגע רייען אָנגעלאָדענע אויטאָמאָבילן מיט וואָפן.

מען האָט דאַן אויך געבויט נייע, און פאַרריכט די אַלטע וועגן, מען האָט געעפנט נייע קוילן־ און אייזן־מינעס. די צאָל מיליאָנערן אין לאַנד איז געוואַקסן. די פאַבריק און מינען־אייגנטימער האָבן זיך געניייטיקט אין הענט, און זיי האָבן דעריבער אָנגעשטעלט נעגערשע אַרבעטער. די נויט האָט געטריבן די נעגער צו אַרבעטן ביי דער געפערלעכער אַרבעט אין די פאַבריקן און ביי דער שווערער אַרבעט ביים אויסלייגן שאָסייען פאַר ביליקע לוינען.

דזשים איז געווען פון די גליקלעכע נעגער. אַ נישט־פאַרהייראַטער, אַ הויכער, אַ ברייט־פּלייציקער, מיט שטאַלענע מוסקולן, איז פאַר אים גרינ־גער געווען צו באַקומען אַרבעט, און אויב די אַרבעט איז אים נישט גע־פעלן געוואָרן איז ער אַוועק און האָט געפונען אַ בעסערן „דזשאָב". ער האָט געאַרבעט ביים אויסלאָדן שיפן, ביים בויען וועגן, אין אַ ציגל־פאַבריק און ביי פאַרשידענע אַרבעטן. די שלעכטע באַהאַנדלונג פון נעגערס און די קלענערע שכירות, וואָס מ'האָט זיי געצאָלט, האָבן אים געטריבן פון איין אַרבעטס־פּלאַץ צום צווייטן.

צוליב אַ גליקלעכן צופאַל האָט „ביג דזשים" — אַ נאָמען, וואָס די פריינט האָבן אים געגעבן — באַקומען איינע פון די בעסטע „דזשאָבס": ער האָט געטריבן דעם גרויסן „טראַק" פון טשאַרלס בראַונס געהילץ־געשעפט. ווען נישט אַ צופאַל, וואָלט דעם מיסטער בראַון נישט איינגעפאַלן אָנפאַר־טרויען דעם נעגער זיין גרויסן טראַק און זיין סחורה.

אויף דעם נייעם „דזשאָב" האָט זיך „ביג דזשים" באַקאַנט מיט דער שיי־נער און שלאַנקער נענסי ווילסאָן, וואָס האָט געאַרבעט אין דזשעק פּריטשעטס רעסטאָראַן, וועלכער האָט זיך געפונען לעבן בראַונס געהילץ־סקלאַד.

אַ שטיק צייט איז דזשים געווען גליקלעך מיט זיין אַרבעט, מיט דער באַהאַנדלונג פון באָס און דער עיקר מיט דער פריינטשאַפט פון נענסי וויל־סאָן, נאָר זיין גליק איז פאַרשטערט געוואָרן. זיין איינציקע שוועסטער איז פאַרשוואונדן געוואָרן און די באָבע איז געשטאָרבן פון עגמת נפש.

2

# דזשעק פריטשעט

גאַנצע צוואַנציק יאָר האָט דזשעק פּריטשעט געאַרבעט אַלס געהילף־שעף אין רייכן גרויסן רעסטאָראַן „די אָריענטאַלע קיך". די קעלנער, די אַרבעטער אין דער קיך, דער שעף אַליין, און דער פּאַרוואַלטער פון רעסטאָראַן זיינען אָפּט אויסגעשטאַנען דעם גיהנום פון די רייכע קאַפּריזנע דאַמען און זייערע שטייפע, אָנגעכמורעטע קאַוואַליערן. די דאָזיקע געסט פלעגן פרעסן ווי הונגעריקע וועלף, און מען האָט זיי נישט געקאָנט אָנזעטיקן און צופרידנשטעלן. זיי פלעגן זיך רק באַקלאָגן: דאָס איז איבערגעקאָכט, יענער מאכל איז נישט דערקאָכט, דער איז איבערגעזאַלצן, יענער — נישט־דערזאַלצן; דער וויין איז צו זויער, יענער — צו זיס; די קאַווע איז בלאַס, יענע — צו שוואַך; דער קעלנער איז לאַנגזאַם, יענער — אומפּאַרזיכטיק.

כמעט יעדן יאָר פלעגן די קעלנער, דער שעף און דער פּאַרוואַלטער, אַנטלויפן פונעם רעסטאָראַן און נייע אַרבעטער זיינען געקומען אויף זייער אָרט. נאָר איין דזשעק פריטשעט האָט אָנגעהאַלטן דעם דזשאָב צוואַנציק יאָר נאָכאַנאַנד. ער האָט קיינמאָל נישט פאַרשפּעטיקט צו דער אַרבעט, און קיינמאָל נישט פאַרפעלט אַ טאָג אַרבעט. אין איין שיינעם טאָג איז דזשעק נישט געקומען צו דער אַרבעט, ווייל אַ טיפער ווייטיק האָט זיך איינגעשניטן אין זיין ברוסט־קאַסטן, אַז ער האָט נישט געקאָנט אָפּכאַפּן דעם אָטעם און אַ קאַלטער שווייס איז אַרויסגעטראָטן אויף זיין פּנים.

דזשעק האָט אויפגעוועקט זיין ווייב, פּרענסיס, און זי האָט גערופן אַ דאָקטאָר. דער דאָקטאָר האָט אַרויסגערופן אַן אַמבולאַנס, וואָס האָט דעם קראַנקן אַוועקגעפירט אין שפּיטאָל. דאָרטן איז דזשעק געלעגן, האָט אַריינגעאָטעמט „אָקסידזשען" פון אַ טאַנק און האָט געשוועבט צווישן לעבן און טויט.

ווען דזשעק איז ענדלעך אַרויס פון שפּיטאָל האָט אים דער דאָקטאָר פאַרזאָגט, ער זאָל זיך נישט אויפרעגן, זיך נישט אָנשטרענגען, נאָר האָבן לאַנגע שעה'ן מנוחה. דזשעק האָט זיך שוין נישט אומגעקערט צו דער אַרבעט אין דער „אָריענטאַלער קיך". ער האָט געטראַכט, אַז ער האָט זיך דאָרט גענוג אָנגעליטן פון די פּאַרוואַלטער, זיך גענוג אויסגעקריגט מיט די שעפס און די קעלנער, און ס'איז אים איינגעפאַלן, אַז אין אַן אייגענעם רעסטאָראַן, וואו זיין ווייב וועט אים אַרויסהעלפן, וועט אים די אַרבעט זיין גרינגער.

עס האָט נישט גענומען לאַנג און דזשעק האָט אָפּגעקויפט דריי אַקער לאַנד, נישט ווייט פון בראַונס געהילץ־געשעפט, און אויף דעם פּלאַץ איז באַלד אויפגעשטעלט געוואָרן אַ נייע און שיינע געביידע, וואָס האָט גע־הייסן: דזשעק פּריטשעטס רעסטאָראַן.

דער רעסטאָראַן האָט געהאַט צוויי טיילן: אַ גרויסן צימער פאַר ווייסע און אַ קלענערן — פאַר נעגערס. אויף איין טיר פון גרעסערן עס־צימער איז געווען אויסגעפאַרבט מיט גרויסע שוואַרצע אותיות: „פאַר ווייסע!" און אויף דער טיר פון קלענערן עס־צימער: „פאַר קאָלירטע!"

די קיך איז געווען אַ גרויסע און געראמע מיט אַ מאָדערנעם קאָך־ און בעק־אויוון, מיט אַ לאַנגן טיש פאַר דער אַרבעט, מיט שאַפעס פאַרן געשיר. דאָ איז אויך געשטאַנען אַ גרויסער אייז־קאַסטן פול מיט פלייש און פיש, אייער, פּוטער און קעז און אַנדערע שפּייז־פּראָדוקטן. איין טיר פון דער קיך האָט געפירט צו די צוויי צימערן פון דזשעק און פּרענסיס פּריטשעט. אין דרויסן האָט אַ שילד געמאָלדן: „דזשעק פּריטשעטס רעסטאָראַן!"

אין יענעם אינדערפרי, ווען דזשעק האָט געעפנט דעם רעסטאָראַן, האָט ער געזאָגט צום ווייב:

— פּרענסיס, אונדזער גאַנץ פאַרמעגן באַשטייט פון איין דאָלאַר, וואָס געפינט זיך אין באַנק, און איין פּעקל סיגאַרעטן.

— נאָר נישט געזאָרגט, דזשעק, — האָט אים פּרענסיס דערמוטיקט — אונדזער געזונט איז דער גרעסטער פאַרמעגן. זאָלן נאָר די געסט פאַרזוכן דיינע מאכלים און זיי וועלן זיך שוין ציען אַהער פון מיילן ווייט.

פּרענסיס נביאות זיינען מקוים געוואָרן. זיי האָבן זיך נישט געריכט, אַז זיי וועלן זיין אַזוי דערפאָלגרייך. געווען צופיל גלעזער און טעלער און טעפּ צו וואַשן, צופיל שווערע און לאַנגע אַרבעט־שעה'ן און צופיל קונים, און זיי האָבן באַשלאָסן צו דינגען אַן אַרבעטער.

אין איין טאָג, אַרום צען אינדערפרי, האָט דזשעק אָפּגעשטעלט זיין פאָרד לעבן דער נעגערישער באַפּטיסטישער קירך, ער איז אַרויסגעשטיגן און אַנגעקלאַפּט אין דער טיר פון קליינעם הויז ביי דער קירך. אַ הויכער, מיטלאָריקער נעגער האָט אים געעפנט און זיי האָבן זיך באַגריסט מיטן געוויינלעכן „גוט־מאָרגן":

— וואָס האָט דיך געבראַכט צו מיר, דזשעק פּריטשעט? — האָט אים רעוורענד דזשאַנסאָן, דער פּרעדיקער, געפרעגט.

— איך וויל איר זאָלט מיר רעקאָמענדירן אַן ערלעך און פלייסיק מיידל פאַר מיין רעסטאָראַן. זי מוז קענען שרייבן. זי וועט ביי מיר גוט פאַרדינען, — האָט דזשעק אים געענטפערט.

— זייער ווייניק נעגער־פרויען, צום באַדויערן, קענען שרייבן און לייע־נען, מיסטער פריטשעט, — האָט דער גייסטלעכער גערעדט שטיל אויף זיין טיפער באַסאָווער שטים, — נאָר מיר דאַכט, אַז מערי ווילסאָנס טאָכטער קאָן יאָ שרייבן. קומט, מיר וועלן אַריבערגיין צו איר . . .

אַ געמישטער געפיל פון רחמנות און שרעק האָט אַרומגעכאַפּט דזשעק פריטשעטן, ווען ער האָט זיך געפונען אין נעגערישן געגנט. ער האָט שוין לאַנג געהערט וועגן אָרעמקייט און קראַנקייט וואָס באַהערשט דעם נעגער־געגנט. ער האָט געגליובט, אַז מען טרייבט איבער וועגן דעם עלנט און אָרעמ־קייט פון די נעגערס און ער האָט זיך ווייניק געקימערט וועגן דעם. ס'איז נישט זיין עסק, נישט זיין פּראָבלעם . . . ער האָט געקענט נעגערס, וואָס האָבן געאַרבעט צוואַנציק יאָר מיט אים אין דער קיך, נעגערס, וואָס האָבן געאַר־בעט אין שפּיטאָל, וואו ער איז אָפּגעלעגן גאַנצע דריי חדשים. זיי האָבן דאָרטן געראָמט די צימערן, געוואַשן די פּאָדלאָגעס און גערייניקט די קלאָזעטן. די מענער און די פרויען־אַרבעטער האָבן נישט אויסגעזען הונגע־ריק און אָפּגעצערט. ער האָט דערפאַר נישט געגלייבט די אַלע רייד וועגן דער שרעקלעכער אָרעמקייט צווישן די נעגערס.

נאָר אַז ער האָט זיך פּלוצלונג געפונען אין דער געדיכטער נעגערשער געגנט און דערזען דעם עלנט, האָט ער זיינע אויגן נישט געגלייבט: דאָ זע־נען געשטאַנען אַלטע חרובע שטיבער, שוואַרצע פון זון און רעגן. די פענצטער און די שויבן פאַרשטעלט און פאַרקלעפּט מיט ברעטלעך און קאַרטאָן. ער האָט געזען האַלב־נאַקעטע קינדערלעך, וואָס שפּילן זיך מיט הינט און קעץ, און ראַיען זיך אין די בערג מיסט, וואָס הויפנט זיך אין די שמאָלע פינצטערע געסלעך.

אויף די צעבראָכענע טרעפּ און אויף די הילצערנע קעסטלעך, אַרום די צעלעכערטע הייזער, זיינען געזעסן מענער און פרויען און געצויגן דעם רויך פון ליולקעס און ציגאַרעטן. טרויער האָט אַרויסגעקוקט פון זייערע אויסגע־לאָשענע אויגן און דערשלאָגנקייט און האָפענונגסלאָזיקייט האָט אַראָפּגעקוקט פון זייערע צעפּאָלדעוועטע פנימער.

דאָס גאַנצע בילד פון דער פאַרזאָרגטער אַטמאָספערע האָט אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויף אים. די שווערע לופט האָט אים געוואָרגן. ווי איז עס מעגלעך, אַז מענטשן זאָלן וואוינען, זאָלן לעבן אין אַזאַ צושטאַנד? — האָט ער זיך אַליין געפרעגט.

ער האָט געזען עטלעכע יינגלעך, כמעט קינדער, שטייען אין אַ געסל אַרום אַן איבערגעקערט פעסל און שפּילן אין קאָרטן; ער האָט באַמערקט

אויף אַ טרעפּל פֿון אַ האַלב־חרובן הויז אַ דיקע פֿרוי מיט אַן אויסגעשטרעקטער ברוסט פֿון איר קאַפּטל, וואָס דאָס קינד אויף דער שויס האָט געזויגן. לעבן איר האָבן צוויי האַלב־נאַקעטע מיידלעך זיך געשפּילט מיט אַ קעצל, וואָס האָט זיך געראַיעט אין אַ בערגל מיסט. ער האָט געהערט ווילדע קולות, וואָס האָבן זיך געטראָגן פֿון אַ האַלב־איינגעפאַלענער הייזקע, פֿאַרלאַטעט מיט ברעטלעך. אַ פֿרוי האָט דאָרט געשריגן און געשאָלטן, און אירע קולות האָבן זיך צונויפגעמישט מיטן געביל פֿון אַ הונט. אויף אַ דערבייאיקן טרעפּל איז געזעסן אַ מיטליאָריקער נעגער מיט איין פֿוס. זיין צווייטער האַלבער פֿוס איז געווען פֿאַרבונדן מיט אַ קויטיקן האַנטוך. די קוליעס זיינען געלעגן לעבן אים.

רעווערענד דזשאַנסאָן האָט באַגריסט דעם פֿאַרקריפּלטן נעגער און געזאָגט:

— גאָט העלף, סעם. וואָס מאַכסטו? האָב געהערט, אַז האָסט שוין „געסעטלט" מיט דער קאָמפּאַני.

— ניין, רעווערענד, נאָך נישט געסעטלט. זיי ווילן געבן בלויז טויזנט דאָלאַר, — האָט דער פֿאַרקריפּלטער נעגער זיך געקרימט, — הונדערט דאָלאַר קאָסט אַ קינסטלעכער פֿוס און פֿיר הונדערט דאָלאַר וועט צונעמען דער אַדוואָקאַט, וואָס־זשע וועט מיר שוין בלייבן?

— און ווער צאָלט די שפּיטאָל־הוצאות? — האָט דער גייסטלעכער געפֿרעגט.

— זיי וועלן צאָלן, אָבער איך וויל מען זאָל מיר געבן אַרבעט. ווייסן זיי דען נישט, די ממזרים, אַז עס איז זייער שולד? . . . איך בין געלעגן אויף די קני און איינגעריבן און אויסגעגלאַטיקט דעם אָנגעגאָסענעם צעמענט אויפֿן טראָטואַר, זיינען זיי אָנגעפֿלויגן אויף זייער אויטאָמאָביל, ווי טייוואָלאָנים. און זיינען אַרויף אויף מיר מיט די גומי־רעדער . . . זיי האָבן מיך נישט געזען, טענה׳ן זיי, גאָט־פֿאַרדאַמטע ממזרים. וואָס האָבן זיי געוואָלט? איך זאָל אפֿשר אָנהענגען אַ רויטן לאָמטערן אויף מיין הינטערשטן־חלק? — האָט דער איין־פֿוסיקער נעגער געערדט מיט ביטערקייט. — זיי זיינען געווען שיכור. זיי זיינען שולדיק, און איך מאָן זיי זאָלן מיך פֿאַרזיכערן מיט אַרבעט — האָט דער איין־פֿוסיקער סעם געשריגן, איך האָב אַ פֿאַמיליע, אַ ווייב מיט פֿינף קינדער. זיי האָבן מיך געמאַכט פֿאַר אַ קאַליקע און זיי דאַרפֿן פֿאַרזיכערן איך זאָל האָבן ברויט. איך וויל די פֿאַרזיכערונג זאָל פֿאַרשריבן ווערן שוואַרץ אויף ווייס! אַנדערש וועל איך נישט „סעטלען". זאָל די „דזשורי" אַנטשיידן. בין איך נישט גערעכט, רעווערענד?

— ביזט גערעכט, געוויס ביזטו גערעכט! גאָט וועט דיר העלפֿן, — האָט דער גייסטלעכער גערעדט געלאַסן, — ביזט נאָך יונג, און דער אַלמעכטיקער וועט דיך אויפשטעלן אויף איין פוס. גאָט איז אויף דער זייט פונעם געליטענעם. דאַרפסט דאַנקען וואָס ביזט געבליבן לעבן. האָסט אַ גערעכטע פאָדערונג.

— אַ דאַנק, רעווערענד, אַ דאַנק, — האָט סעם געמורמלט טרויעריק.

— סעם איז אַ וואוילער מענטש, אַ גוטער און געטרייער טאַטע, — האָט דזשאַנסאָן געזאָגט צו פּריטשעטן, בעת זיי האָבן זיך דערווייטערט, — ער איז אַ געשולטער צעמענט־אַרבעטער, האָט געאַרבעט פאַר די בוי־קאָנטראַקטאָרס און האָט נישט שלעכט פאַרדינט. כמעט צען יאָר האָט ער געאַרבעט ביי „דזשעי וואָרען ענד סאָנס" . . .

— „וואָרען ענד סאָנס" איז אַ רייכע קאָמפּאַני, און דער אַלטער וואָרען איז אַ מענטש מיט איינפלוס, — האָט דזשעק פּריטשעט איבערגעריסן דעם גייסטלעכן מיט אַ באַסאָווער תּפילה־שטים. — ער האָט געבויט די נייע געריכט־געביידע און די געביידע פון דער „נעשאָנאַל בענק". מיסטער דזשעי. וואָרען וועט זיכער גאַראַנטירן סעמען אַרבעט. ער וועט אפשר דאַרפן אַרבעטן פאַר קלענערע שכירות ווי פריער, אָבער ער וועט זיין באַזאָרגט. ער איז אַ פיינער מענטש, דזשעי. וואָרען. גיט אַ סך צדקה.

— ניין, דזשעק, מאַכסט אַ טעות. וואָרען וועט סעמען נישט באַזאָרגן מיט אַרבעט. איך האָב שוין גערעדט מיט אים וועגן דעם.

— און מיסטער וואָרען האָט זיך אָפּגעזאָגט צו פאַרזאָרגן דעם פאַרקריפּלטן סעמען? — האָט דזשעק געפרעגט.

— יאָ, דזשעק, — האָט דער גייסטלעכער אַ ברום געטאָן מיט טרויער אין זיין שטים.

— פאַרוואָס? — האָט דזשעק געפרעגט מיט פאַרדרוס.

— דער ענין איז נישט אַזוי פּשוט, — האָט דער גייסטלעכער געפּרוּווט דערקלערן, — מיסטער וואָרען פירט אָן מיט אַ גרויסער בוי־פירמע. ער שטעלט אויף געביידעס און פאַבריקן, ער שניידט דורך קאַנאַלן און בויט בריקן. די אַרבעט איז נישט גרינג און אומגליקן זיינען אומפאַרמיידלעך. זיין קאָמפּאַני באַשעפטיקט בלויז געשולטע און פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעטער . . . איך האָב געהערט פון וואָרענס מויל, אַז אויב ער זאָל אָנשטעלן אַלע אַרבעטער וואָס האָבן פאַרלוירן אַ פוס אָדער אַ האַנט ביי דער אַרבעט, וואָלט זיין קאָמפּאַני איז אַ קורצער צייט באַנקראָטירט. די אַרבעט פאָדערטביידע פיס און ביידע הענט, און נישט קיין קריפּלס.

— אויב אַזוי, וועט סעם געווינען אין געריכט, — האָט דזשעק אויסגע־רופן, — און די קאָמפּאַני וועט שוין פּאַר אים געפינען אַזאַ אַרבעט, וואָס ער וועט קאָנען דורכפירן אין זיין איצטיקן צושטאַנד, — האָט דזשעק געענטפערט.

— ניין, ניין, מיין פריינט, — האָט דעם גייסטלעכנס שטים, אַנגעזאַפּט מיט טרויער, געברומט, — סעם וועט נישט געווינען אין געריכט. מיט אַ צייט צוריק האָט אַ געריכט געאורטיילט, אַז „דאָס געזעץ קאָן נישט באַרויבן אַ באַלעבאָס פון זיין רעכט אַנצושטעלן וועלכן אַרבעטער ער וויל. ער האָט דאָס רעכט אַנצושטעלן אַרבעטער, וואָס קאָנען לויט זיין אָפּשאַצונג אים פול־שטענדיק צופרידנשטעלן".

— אוי, אוי, אַ רחמנות נעבעך אויף סעמען מיט זיין פאַמיליע, — האָט דזשעק געפליסטערט.

— יאָ, דזשעק, אַוודאי אַ גרויס רחמנות, נאָר וואָס קאָן מען טאָן? אַזוי איז גאָטס ווילן. דער אַלמעכטיקער וועט סעמען נישט פאַרלאָזן.

דזשעק האָט געשוויגן און געטראַכט, אַז דער גייסטלעכער האָט רעכט. אויך ער, דזשעק, האָט זיך געפונען אין אַ טרויעריקער לאַגע. אין שפּיטאָל האָט ער געשוועבט צווישן לעבן און טויט. דאָך האָט אים גאָט געהאָלפן. ער האָט אים אַרויסגעפירט פון דער שקלאַפעריי פון דער „אָריענטאַלער קיד", און אים אַריינגעפירט אין זיין אייגן געשעפט, און ער איז דערפאַלגרייך — בעסער ווי פריער. גאָט פירט דעם מענטשן אויף זיינע אייגענע וועגן, און ער וועט אויך פאַרזאָרגן דעם אָרעמאַן סעם מיט זיין פאַמיליע.

— דאָ איז עס. דאָ וואוינט מערי ווילסאָן, — האָט רעווערענד דזשאַנ־סאָן אויפגעוועקט דזשעקן פון זיינע מחשבות.

דאָס הויז וואו מערי ווילסאָן מיט אירע צוויי טעכטער, די זעכצן יאָריקע נענסי און די פופצן יאָריקע סוזי, האָבן געוואוינט, איז געווען ענלעך צו אַנ־דערע הייזער אין דער נעגערשער געגנט. דאָס שוואַרצע סמאָלע־פּאַפּיר וואָס האָט באַדעקט דעם דאַך, איז אָפּגעבליאַקעוועט געוואָרן און איז געוואָרן גרוי פון אַלטקייט, פון זון און רעגן. דער דאַך איז געווען באַדעקט מיט לאַטעס. די שפּאַלטן אין די ווענט זיינען פאַרלאַטעט געוואָרן מיט ברעטלעך פון פאַרשידענעם קאָליר: ווייסע, שוואַרצע און רויטע. דריי שמאָלע טרעפּלעך האָבן אַרויפגעפירט צום לאַנגן און שמאָלן גאַניק. אויפן גאַניק זיינען גע־שטאַנען אַן אַלטע שטול מיט אַ הויכן אָנלען און עטלעכע הילצערנע קעסטלעך. דאָס זיינען געווען די בענקלעך.

רעווערענד דזשאַנסאָן האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר.

— ווער איז? — האָט אַ פרויען שטים געפרעגט.

— אַ פּריינט, — האָט דער גייסטלעכער געענטפערט.

אַ יונגע פרוי, אַ קיילעכדיקע, מיט אַ טונקל־ברוינעם פּנים האָט געעפנט די טיר. אירע גרויסע שוואַרצע אויגן האָבן געפינקלט: — אַ, רעווערענד דזשאָנסאָן!

— ט׳מאָרגן, שוועסטער מערי ווילסאָן, — האָט זי דער רעווערענד באַגריסט מיט זיין טיפער באַסאָווער דאַוועגענדיקער שטים, — דאָס איז מיסטער פּריטשעט וואָס פאַרמאָגט אַ אייגענעם רעסטאָראַן.

מערי האָט זיך פאַרנייגט.

— שוועסטער מערי, דיינעביידע טעכטער קאָנען, דאַכט מיר, שרייבן און לייענען? — האָט דער רעווערענד געפרעגט מיט היימישער פריינטלעכקייט.

מערי האָט צופרידן געשמייכלט און אירע שטאַרקע ציין האָבן געבליצט מיט ווייסקייט. זי האָט געזאָגט:

— מיינע ביידע טעכטער, זאָל זיי גאָט בענטשן, זענען געגאַנגען אין סקול. איך און מיין מאַן האָבן געאַרבעט און זיי געשיקט לערנען. איך האָב זיי אָפּגענומען פון שול נאָך דער שריפה. איך וואַרט נאָך אַלץ מען זאָל צוריק אויפבויען די געביידע פון דער סקול, נאָר ס׳איז אַ מעשה אַז אַן עק. ווייזט אויס, אַז זיי האַלטן אַז מיר, נעגער, קאָנען זיך באַגיין אָן בילדונג...

— שוועסטער ווילסאָן, מען וועט אויפבויען די סקול, מיט גאָטס הילף וועט מען זי צוריק אויפבויען. איך בין געווען ביי דער באָארד און עדיוקיישאָן און זיי טענה׳ן, אַז צוליב דער מלחמה זיינען בוי־מאַטעריאַלן געשטיגן. און עס פעלן אויס אַרבעטער, נאָר מיט גאָטס הילף וועט זיין אַ סקול...

— פאַרוואָס האָבן זיי זיך נישט גענומען צו דער סקול, איידער די מלחמה האָט אויסגעבראָכן? — האָט מערי געפרעגט, און נישט וואַרטנדיק אויף אַן ענטפער, האָט זי אויסגערופן מיט אַ שאַרף קול: — אַרויסגעוואָרפן די רייד, רעווערענד, ס׳וועט נישט זיין קיין סקול!

דער גייסטלעכער האָט געזאָגט: — שוועסטער ווילסאָן, מיסטער פּריטשעט בעט מיך איך זאָל אים רעקאָמענדירן אַ יונג מיידל פון אַ פיינער פאַמיליע פאַר זיין רעסטאָראַן. איך בין דאָ ביי אייך, ווייל איך האָב אים רעקאָמענדירט אייער גראָטענע טאָכטער.

— איין מאָמענט, רעווערענד, אָט רוף איך אַרויס מיינע טעכטער.

ביידע טעכטער האָבן אין איילעניש אַרויפגעצויגן אויף זיך זייערע זונטיקדיקע קליידלעך, פאַרקעמט די האָר און זיינען אינײַנעם מיט דער מאַמען געבליבן שטיין אויפן גאַניק.

— דאָס איז מיין פּאַרמעגן, מיסטער פּריטשעט, — האָט מערי גע־זאָגט מיט אַ פרייליכער מינע. — דאָס איז נענסי און דאָס איז סוזי, קלייבט אויס. ביידע זיינען נישט פויל, ביידע שטילע און וואוילע קינדער.

דזשעק האָט באַטראַכט די צוויי שלאַנקע מיידלעך, האָט באַמערקט ווי פון זייערע יונגע, קיילעכדיקע פּנימער בליצן שוואַרץ־גלאַנציקע אויגן, ווי זייערע פּעך־שוואַרצע האָר קרייזלען זיך אַרום די געטאַקטע העלדזער. ער האָט זיך געוואונדערט, אַז איז דעם זומפּיקן דלות האָבן געקאָנט אויסוואַקסן אַזעלכע שיינע פלאַנצן.

— פינף האָב איך געהאַט און בלויז צוויי זיינען מיר געבליבן, — האָט מערי אָפּגעזיפצט.

— אַזוי איז עס! — האָט דער רעוורענד דזשאַנסאָן געזאָגט, — די שוואַכע נעמט דער אַלמעכטיקער צו זיך און די געזונטע, די שטאַרקע, וואָס האָבן שכל און כוח זיך צו ווערן, בייקומען די שוועריקייטן, בלייבן איבער. אַ דאַנק גאָט פאַר זיין חסד.

### 3

## „טענענט פאַרמער"

נישט ווייט פונעם ברייט־אַספאַלטירטן וועג, אַרום צוואַנציק מייל פון שטעטל פּאַראַדיז, איז געלעגן דער טייך פּאַראַדיז, וואָס האָט זיך געצויגן אויף אַ לענג פון עטלעכע מייל און זיינע קרישטאָל־קלאָרע וואַסערן האָבן געגלעט די זאַמדיקע ברעגן. לינקס פון טייך איז געווען פלאַכלאַנד מיט אַ שפע גרינסן און לאַנגע רייען מיט ביימלעך, באַלאָדענע מיט טאָמאַטן, מיט פאַרשידענע מעלאָנס, לאַנגע און קיילעכדיקע אַרבוזן, אוגערקעס, קרויט, פעפער, קאַרטאָפל, מערן, ציבעלעס, סעלערי, אַרבעס, בעבלעך — אַלץ איז געוואַקסן אין גלייכע און געדיכטע שורות, ווי זיי וואָלטן אויסגעמאָלט געוואָרן אויף אַ לייוונט.

דאָרטן וואו דער טייך האָט זיך אויסגעלאָזט און דער גאָרטן איז פאַר־שוואונדן, ווי עמעצער וואָלט אים פאַרשניטן מיט אַ האַק, האָט זיך אַנט־פּלעקט אַן אומעטיקע פּאַנאָראַמע: אַלטע, פאַרגעלטע הייזער זיינען געשטאַ־נען פאַרלאָזן און פאַרלוירן אין מיטן פעלד. אַרום פופציק אָרעמע פאַמיליעס, מערסטנס נעגערשע, האָבן באַוואוינט די הייזער און באַאַרבעט די קליינע מאַגערע פאַרמס.

כמעט אַלע פאַרמער, די מענער, פרויען און די דערוואַקסענע קינדער, האָבן באַאַרבעט זייערע פאַרמס און אויך דעם גרויסן גאָרטן פון גרינס. זיי האָבן געפלאַנצט און אויסגעיעט דאָס ווילד־גראָז און שפּעטער איינגע־זאַמלט די רייפע גרינסן אין הילצערנע קעסטלעך, זיי אָנגעלאָדן אויף אַ לאַסט־אויטאָ, וואָס האָט זיי אַוועקגעפירט פון גרויסן גאָרטן צום ברייטן שאָסיי.

די קליינע פאַרמס זיינען נישט געווען דאָס אייגנטום פון די פאַרמער. אויך די הייזער און דאָס מעבל — טישן, בענקלעך און בעטן — האָבן זיי אָפּגעדונגען ביי די ווייסע לאַנד־באַזיצער. זיי זיינען געווען „טענענט פאַר־מער", געדונגענע ערד־אַרבעטער.

די פאַרמער האָבן פון זייער האָרעוואַניע אויף דער ערד נישט פאַרדינט גענוג אויף צו קויפן אַן אַנשטענדיק קלייד. די פאַרמער, ווייסע און נע־גערס, זיינען געווען פאַרזונקען אין חובות. די פּראָצענטן אויף די חובות זיינען געוואַקסן און געשטיגן פון חודש צו חודש, פון יאָר צו יאָר.

איין קראָם האָט זיך געפונען אין דער אָרעמער געגנט, וואו מען האָט

געקאָנט קריגן פֿאַר נישקשה׳דיקע פּרייזן אַלע לעבנס־מיטלען: ברויט און זאַלץ, צוקער און קאַווע, טשוועקעס און רידלען, לאָמפּן און ליכט, געזאַלין און מילך, בראַנפֿן און ווייַן — אַ מין כּל־בו־קראָם. די אייגנטימער פֿון געשעפֿט, מר. און מרס. וויליאַמס, האָבן נישט געגעבן אויף באָרג, אָבער זייַנען געווען פֿריינטלעך צו די קונים.

אין אַ האַלב־חרוב הויז אויף אַ קליינעם פֿאַרם האָט געוואוינט דער טענענט־פֿאַרמער דזשאָזעף, זייַן ווייַב קערי מיט פֿיר קינדערלעך, צוויי ייִנגלעך און צוויי מיידלעך. ביג דזשים האָט געוואוינט מיט דער דזשאָזעף פֿאַמיליע. דזשים האָט געאַרבעט אַלס טרייַבער פֿון טראַק, וואָס האָט געפֿירט דאָס גרינס צום פּראַכט־סקלאַד פֿון פּאַראַדיז. עטלעכע מאָל אַ טאָג האָט ער אָנגעלאָדן און אויסגעלאָדן דעם טראַק און אים געטריבן אַהין און צוריק.

אין אַ שבת אויף דער נאַכט, אויפֿן וועג צום פּראַכט־סקלאַד האָט דער טראַק אָנגעהויבן ציטערן, זיך געוואָרפֿן ווי אין קאָנוואולסיעס און איז געבליבן שטיין אָן אָטעם. דזשים האָט אַמאָל געאַרבעט ביי אַלטע טראַקטאָרס און זייַן דערפֿאַרונג איז אים איצט צוניץ געקומען. ער האָט געעפֿנט דעם שטאָלענעם צודעק פֿונעם מאָטאָר, אים באַטראַכט און אַרומגעטאַפּט מיט די הענט, געזוכט דעם קראַנקן אָדער. זייַנע פֿינגער זייַנען פֿלינק געלאָפֿן איבער די דראָטן, די שרייפֿלעך, די רערלעך, ביז ער האָט דערטאַפּט דעם פֿעלער — דאָס רערל, וואָס שפּייַזט דעם מאָטאָר מיט געזאַלין איז פֿאַרשטאָפּט!

ער האָט אויסגערייניקט די רער און דער געזאַלין איז ווידער געפֿלאָסן פֿריי. דער מאָטאָר האָט זיך צעזונגען, זיך גערירט און היידאַ! — אין פֿולן גאַנג.

דזשים האָט שטאָלצירט מיט זייַן מייסטערשאַפֿט. נישט אַלע טראַק־טרייַבער ווייסן ווי צו פֿאַרריכטן אַ מאָטאָר. דער ווייסער שטרענגער פֿאָרמאַן וועט שוין איצט האָבן אַביסל מער דרך־ארץ פֿאַר אים, דעם מעכאַניקער... אַ שטאָלצער און צופֿרידענער איז ער צוגעפֿאָרן צום הילצערנעם ביידל, וואו דער אָנגעבלאָזענער פֿאָרמאַן האָט שוין געוואַרט אויף אים. דזשים איז אַרונטער־געשפּרונגען מיט פֿרייד פֿון זייַן זיץ־פּלאַץ און באַגעגנט אַ שטראָם מיט זידל־ווערטער.

— וואו־הין, צום טייוול, שלעפּסטו זיך אַרום, דו לויזיקער ניגער, אפשר מיט דייַנע פֿריינט, די שיכורים, אָדער פֿאַר׳עיפּוש׳טע מיידן, — האָט דער פֿאָרמאַן געשיפּעט, — שוין צוויי שעה אַז איך וואַרט אויף דיר. האָסט פֿאַרשפּעטיקט אויף גאַנצע צוויי שעה. מייַן ווייַב וואַרט אויף מיר. זאָל איך איר זאָגן, אַז דו, לויזיקער ניגער, האָסט מיך פֿאַרהאַלטן? מען דאַרף אייך הענגען,

ניגערס ! נאַ דיר דיינע שכירות און גיי צום טייוול. איך וויל דיך מער נישט זען פאַר די אויגן !

— באָס ! דער טראָק איז קאַליע געוואָרן אין מיטן וועג ! — האָט דזשים געזאָגט מיט אַ געבעט אין זיין קול.

— אַ ליגן ! איר זענט אַלע גאָט־פאַרדאַמטע ליגנער. איך בין אַ מבין אויף אייך, טראָג זיך אָפּ פון דאַנען !

דזשים האָט שוין געוואוסט: בעטן רחמנות ביים ווייסן פאַרמאַן איז ווי זיך בעטן ביי אַ צערייצטן הונגעריקן טיגער. ער האָט אויך געוואוסט, אַז דער פאַרמאַן קאָן אַרויסנעמען צו יעדער צייט זיין רעוואָלווער פון לעדערנעם גאַרטל און אים אויסלאָדן אין נאַקן פון אַ פּרעכן נעגער, און דער ווייסער מערדער וועט אפילו נישט אַרעסטירט ווערן.

דזשים האָט הכנעה׳דיק געמורמלט:

— יעס סער ! יעס סער, באָס !

ער האָט צוגענומען דאָס קאַנווערטל מיט די צען דאָלאַר שכירות און איז גיך פאַרשוואונדן געוואָרן אין דער טונקלקייט פון בין־השמשות.

ווען דזשים איז אַריין אין הויז זיינעם שוין דזשאָזעף מיט דער פאַמיליע געזעסן אַרום קיילעכדיקן טיש, אויף וועלכן עס איז געלעגן דאָס געפּעס, בלעכענע טעלער, גאָפּל, לעפל, מעסער, און געוואַרט אויף אים.

— אַזוי שפּעט, דזשים ? — האָט דזשאָזעף געפרעגט.

— אַ, כ׳האָב געהאַט אַביסל צרות מיטן אַלטן טראָק, — האָט דזשים גע־ ענטפערט און נישט דערציילט, אַז מען האָט אים משלח געווען פון דזשאָב . . . ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף זיין אָרט. די מיטליאָריקע און רירעוודיקע באַ־ לעבאָסטע, קערי, אַ מיטלוואוקסיקע מיט אַ פולן בוזעם און ברייטע היפּטן, האָט אַריינגעטראָגן אַ גרויסע ערדענע שיסל מיט הייסע קאַרטאָפל, אַ שיסל מיט געפּרעגלטע פיש, וואָס זי האָט געכאַפּט אין טייכל, און אַ קאָרן ברויט פון געל־גאָלדיקן קאָליר. אַ פרייד האָט זיך צעגאָסן איבער איר טונקל־גוטמו־ טיקן פּנים, ווען זי האָט געהערט ווי דזשאָזעף באַלעקט זיך און לויבט זי.

— דיינע פיש, קערי, זיינען צוגעפּראָוועט ווי פאַר אַ קעניג, אַלאַ קינג !...

דזשאָזעף האָט אַ הייב געטאָן דאָס קריגל וואָס איז געשטאַנען לעבן אים, אַרויסגעצויגן די פּראָבקע און אַ זופּ געטאָן פון קריגלס מויל דעם אייגענעם, פון קאָרן־געמאַכטן בראָנפן, און געגעבן דזשימען: — נאַ, פאַרזוך !

דזשים האָט אַ זופּ געטאָן דעם שאַרפן געטראַנק.

— דאָס איז דיין אַרבעט, דזשאָזעף ? אמת׳ער פייער ! „ביי גאַד !”

— דאָס איז נישט דאָס רעגן־וואַסער וואָס דו קויפסט ביי וויליאַמסן אין

סטאַר פאַר צוויי דאָלאַר אַ פלעשל, ברודער! דאָס איז אַן אמת׳ער טרונק, — האָט דזשאָזעף זיך פאַרכלינעט פון אייגענער ליוב. — דאָס איז בראָנפן, ברו־דער־לעבן!

קערי האָט דערווייל איינגעטיילט די פּאָרציעס פיש פאַר יעדן איינעם. די מענער האָבן באַקומען גרעסערע חלקים. פאַר זיך און די קינדער האָט זי געלאָזן די קלענערע. ווען זי האָט זיך אָוועקגעזעצט האָט זי דזשאָזעף מכבד געווען מיט אַ זופּ פונעם קאָרן־בראָנפן. זי האָט זיך פאַרהוסט און געזאָגט, אַז דער בראָנפן איז פאַר די אמת׳ע טרינקער, אפילו פונעם ריח קאָן מען שוין שיכור ווערן . . . באַלד איז דאָס קאָרן־ברויט פאַרשלונגען געוואָרן אינאיינעם מיט די קאַרטאָפל און די פיש. די קינדער האָבן אָפּגעלעקט דיביינדלעך. קערי איז אַריין אין קיך און האָט געבראַכט צוויי גרויסע „עפּל־פּאַיס" און אַ קריגל הייסע שוואַרצע קאַווע. ווידער האָבן די מענער באַקומען די גרעסערע שטיקער „פּאַי" . . .

— אַ פּאַרטי אַלאַ קינג! — האָט דזשאָזעף געזאָגט, געשלונגען דעם פּאַי און געזופּט די הייסע קאַווע.

— דזשים, נעם מיין עצה, אַז איידער דו האָסט חתונה, געפין אויס צי די מויד קאָן קאָכן און באַקן, און צי זי קאָן געבערן קינדער און נישט מאַכן קיין פוילע שטיק, — האָט דזשאָזעף געזאָגט.

— און דו, דזשאָזעף, האָסט גוט אויסגעפּאָרשט קערין איידער האָסט זי גענומען? — האָט דזשים געשמייכלט.

— שווייג! האַלט די צונג, מיסטער דזשאָזעף, — האָט זיך קערי אַריינ־געמישט, — טאָמער רעדסטו רכילות וועגן מיר, סם איך דיך. — זי האָט גע־לאַכט הילכיק, — איך האָב א י ם גוט אויסגעפּרואווט, ניט ער מיך! — האָט קערי געזאָגט מיט שטאָלץ, — איר מענער זענט אַלע גרויסע מבינים אויף די פּרויען, נאָר איר זענט גרויסע יאָלדן. מיר כאַפּן אייך אויף דער ווענטקע ווי נאַרישע פישלעך און איר צאַפּלט זיך, אוי צאַפּלט איר זיך.

— קערי, ביסט דאָך אינגאַנצן אַלט געווען זיבעצן יאָר, ווען איך האָב דיך אַריינבאַקומען און האָסט שוין געקאָנט די מלאכה! — האָט זיך דזשאָזעף געוויצלט, — אדרבה, זאָג אויס, זיי זיך מודה ווער ס׳האָט דיך אויסגעלערנט.

— און ווער האָט דיך געלערנט? — האָט קערי געפרעגט מיט אַ שמייכל.

— דזשים, ביסט אַ מבין אויף מיין ווייב, האָסט שוין געזען אַזאַ גרויס מויל? דאָך, דזשים, אויב וועסט אַריינקריגן אַזאַ ווי קערי זאָלסטו גלייך מיט איר חתונה האָבן.

— אַ, ניין, ברודער לעבן! — האָט דזשים אַנטשלאָסן געענטפערט, —

ניישט איך! איך טראַכט נישט וועגן זיך פאַרבינדן. איך בלייב אַ פרייער פויגל.

— זינג, זינג, פייגעלע! — האָט קערי לאַכנדיק געזאָגט דושימין, — וועסט אַריינפליען אין שטייגעלע, אוי וועסטו אַריינפליען . . .

# 4

# אין ווילי‌אַמס קראָם

נאָכן עסן האָט זיך דזשים אויסגעפּוצט אין זיין זונטיקדיקן אָנצוג און האָט אַוועקגעשפּאַנט צו ווילי‌אַמס קראָם. נישט ווייט פון געשעפט, אויף אַן אָפּגערייניקטן פּלאַץ זענען געזעסן פריינט אויף הילצערנע קעסטלעך אין אַ האַלבן קרייז, און געזופּט פון די פלעשלעך, וואָס זיי האָבן געהאַלטן אין די הענט.

דזשים האָט זיך מיט זיי באַגריסט, איז אַריין אין מיטן און איז באַלד אַרויסגעקומען מיט אַ פלעשל. ער האָט זיך צוגעזעצט, געעפנט די פלאַש און דורשטיק געזופּט מיט הנאה.

די בלאַסע לבנה־שיין האָט זיך אויסגעמישט מיטן שוואַכן רויטלעכן ליכט פון די לאָמפּן איבער דער קראָם און האָט באַלויכטן די זיצנדיקע, וואָס האָבן געזופּט פון די פלעשלעך. זיי האָבן צווישן איין זופּ און צווייטן גערעדט וועגן אַרבעט, וועגן ליבע, וועגן אַמביציעס און חלומות.

דער פּאַרמער דזשאָרדזש האָט אַוועקגעשטעלט דאָס פלעשל און זיך צע־רעדט:

— איך וויל האָבן בלויז עטלעכע אַקער לאַנד, מיין אייגנס, גענוג פּאַר מיר איין קו, איין פערד און אַ חזיר, און איך וואָלט אייך באַוויזן, אַז אין אַ קורצער צייט וואָלט זיך ביי מיר שוין אומגעדרייט אַ גאַנצע סטאַדע בהמות און חזירים און ס׳וואָלט מיר גענוג געווען אויף צו לעבן אָן זאָרג.

— און איך וויל בלויז אָפּשפּאָרן עטלעכע דאָלאַר און אַוועקפאָרן אין דער גרויסער שטאָט צו קריגן אַרבעט אין אַ פאַבריק. איך וויל זיין אַ שטאָטישער. דאָרט זיינען די גאַסן אויסגעפלאַסטערט. די הייזער האָבן עלעקטרישע באַ־לייכטונג. וואַסער רינט פון קראַנען און מען קאָן טאָג און נאַכט זען אַ מואווי, יעדע נאַכט אַ נייע בילד. זונטיק קאָן מען אַריינגיין אין אַ טאַנץ־זאַל און זיך דרייען מיט די שענסטע מיידלעך. אָט דאָס איז מיין שטרעבונג, — האָט דער הויכער און דאַרער סלים געזאָגט און אַ פייערל האָט זיך געצונדן אין זיינע אויגן.

— חברה, וואָס זיצן מיר דאָ? — האָט דער הויכער פיליפּ זיך אַ הייב געטאָן, און איז געוואָרן נאָך העכער, — קומט לאָמיר אַלע פאָרן אין דער גרויסער שטאָט.

— טאַקע, טאַקע, גרויסע העלדן, וואָס וואַרטן מיר? — האָט זיך דזשים

אַריינגעמיישט. — מיר קאָנען דאָך איינשפּאַנען די שקאַפּע, וואָס דזשאָרדזש האָט נישט, מיטנעמען זיינע חזירים וואָס ער טרוימט צו באַזיצן, און מיר וועלן האָבן געַנוג וואָס צו עסן אויפן וועג און מיר וועלן גלייך אַריינפאָרן אין סלימס גן־עדן שטאָט און טאַנצן מיט אַלע שיינע חוה׳ס טעכטער. חברה, הייבט זיך פון די קעסטלעך!

אַ הילכיקער געלעכטער האָט אויסגעבראָכן און זיך צעקלונגען אין דער ביינאַכטיקער שטילקייט. אַ קרעפּטיקע באַריטאָן־שטים האָט פאַרצויגן אַ ניגון, אַ צווייטער האָט אים אונטערגעכאַפּט און באַלד האָבן אַלע געזונגען. איבער די פלאַכע דרומ׳דיקע פעלדער האָט זיך געטראָגן אַ דורכגעזאַפּטע פון בענקעניש טרויעריקע מעלאָדיע, ווי אַ תפילה פאַר אַ פריי און גרינג לעבן פאַרן נעגערישן מענטשן.

— מיינע הויכגעשעצטע הערן, — האָט זיך סלים אויפגעשטעלט און גע־זאָגט, — איך באַדויער וואָס איך מוז פאַרלאָזן אַזאַ אָנגענעמע געזעלשאַפט, איך מוז גיין צוליב אַ זייער וויכטיקן עניין.

— וואַרט אַ מינוט, לאָמיר נאָר זען וואָס די קאָרטן זאָגן — האָט דער קורצגעוויקסיקער ענדי געזאָגט, און האָט אַרויסגעצויגן פון דער קעשענע אַ טעשל קאָרטן און זיי אויסגעלייגט אויף אַ קעסטל אין דער פאָרם פון אַ צלם.

— די קאָרטן, די קאָרטן, — האָט ער געקנייטשט מיט די ברעמען, — זיי ווייזן, אַז דו, סלים, וועסט באַלד באַגעגענען אַ שיינע פּרינצעסין. זי וועט זיין; וואָס וועט זי זיין? נישט רויט און נישט בלאָנד, נישט אַלט און נישט גאָר יונג, נישט הויך און נישט נידעריק. זי וואַרט אויף דיר מיט אומגעדולד. גיי, סלים. זי וואַרט אויף דיר מיט אַ פול האַרץ מיט ליבע. לויף! — די זיצנדיקע האָבן באַגלייט מיט אַפּלאָדיסמענטן דעם קלוגן קאָרטן־לייענער.

איינער נאָכן אַנדערן האָבן זיך די זיצנדיקע אַרויסגערוקט פונעם קרייז און זענען אַוועק. בלויז דזשים איז געבליבן זיצן אַליין אין דער האַלב־טונק־לעניש. ער איז ווי איינגעהילט געוואָרן אין דער ביינאַכטיקער שטילקייט. אינע־ווייניק האָט אין אים געטליעט אַ צאָרן אויף דעם פאָרמאַן. ער האָט זיך דער־מאָנט אין זיין באַפעל: „פאַרנעם זיך!"

— אַזאַ לויזיקער ממזר! — האָט דזשים געזאָגט צווישן די ציין, — איך האָב פאַרריכט זיין גאָט־פאַרדאַמטן טראָק, אים איינגעשפּאָרט צען דאָלאַר, וואָס ער וואָלט באַצאָלט אַ מעכאַניקער, אַזאַ הינטישער זון. אָנשטאָט דאַנקבאַר זיין, האָט ער מיך באַגעגנט מיט זידלערייען און מיך אַוועקגעשיקט. ער איז אַ בעסטיע, אַלע ווייסע זענען חיות!

ער האָט אַ זופּ געטאָן פון פלאַש, געוואָלט שטילן דעם צאָרן, נאָר דער

צאָרן האָט זיך שטאַרקער צעפלאַקערט. ער האָט געקריצט מיט זיינע שטאַרקע ציין און אַרויסגעזייט קללות.

— וואָס ווילן זיי פון אונדז, די ווייסע קאַניבאַלן? — האָט ער געגרעדט צו זיך אַליין, — מיר, נעגערס, אַקערן און זייען זייערע פעלדער, מיר קריכן ווי די מאַלפּעס אויף זייערע ביימער און קלייבן פאַר זיי די זאַפטיקע פרוכט; מיר בויען פאַר זיי וועגן און באַקוועמע הייזער, וואַשן זייער קויטיק גרעט, קאָכן, באַקן, באַדינען זיי. די נעגערס טוען די שווערסטע אַרבעט פאַר לויזיקע הונגער־שכירות, און דאָס איז נאָך אַלץ נישט גענוג פאַר די ווייסע ממזרים. זיי זידלען און טרעטן אונדז מיט די פיס. פאַרוואָס? — האָט ער אַריינגע־יאָמערט אין דער נאַכטיקער פינצטערניש, — פאַרוואָס זענען מיר אַזוי גע־שטראָפט, גאָט. גאָט, פאַרוואָס?

טרערן זענען גערונען פון דזשימס אויגן. ער האָט געווישט דעם שווייס פון פּנים. ער האָט ניט געזען ווי די לאָמפּן אין קראָם זענען שוין פאַרלאָשן געוואָרן. ער האָט זיך געוואָלט אויפהייבן פון הילצערנעם זיץ־פּלאַץ, פונעם קעסטל, נאָר איז צוריקגעפאַלן. — ווייזט אויס, אַביסל שיכורלעך, — האָט ער געטראַכט. — אפשר זיך אויסציען אויף דער ערד, איינדרימלען. נאָר עטלעכע מינוט כאַפּן אַ דרעמל . . .

די ביינאַכטיקע שטילקייט האָט זיך באַהעפט מיט דער פינצטערער געדיכטעניש פון וואַלד. אין די בלויע הויכע אויסשפּרייטן איז געשוואומען אַ געלבלעך בלאַסע לבנה, באַגאָסן דעם געדיכטן וואַלד מיט אַ געלבלעכער שיין און איז פאַרשוואונדן הינטער די וואָלקנס. ערגעץ ווייט האָט אַ הונט יאָמערדיק אַריינגעשניטן זיין אויסגעצויגענעם געוואָי אין דער שטי־לער פינצטערניש. עטלעכע הינט האָבן אים אָפּגעענטפערט מיט אַ טרייסטנ־דיקער, אָפּגעהאַקטער, רעגלמעסיקער בילעריי.

דאָס ווינטל האָט זיך צעווינטעוועט און געיאָגט די טונקעלע כמאַרעס צום האָריזאָנט. אַ באַפרייטע שיינענדיקע לבנה האָט זיך אַרויסגעריסן פון די וואָלקנס און געלויכטן אין בלויען הימל און פאַרגאָסן די שוואַרצע חשכות מיט ווייכע און העלע שטראַלן.

דזשים האָט זיך אויפגעכאַפּט, באַטראַכט די שיינע נאַכט, אַ פייף געטאָן און געזאָגט: — ווייזט אויס אַ האַלבע נאַכט אָפּגעשלאָפן.

אויפן וועג אַ היים, לעבן דער שמאָלער בריק, ביי דער רעכטער זייט פון אַספאַלטירטן וועג, האָט ער דערזען אַן איבערגעקערטן אויטאָמאָביל און אי־נעווייניק אַ פאַר'חלש'טן מענטש — אַן „עקסידענט".

דזשים האָט מיט אַ שטיין אויפגעהאַקט די טיר פון פאַרשלאָסענעם אוי־טאָמאָביל, מיטן גאַנצן כוח אויפגעריסן די טיר און אַ נעם געטאָן אויף זיינע

אַקסל דעם יונגן, ווייסן פֿאַרבלוטיקטן בחור, איז צוגעלאָפֿן צו זיין היים און אים אַוועקגעלייגט אויף זיין בעט. ער האָט אויפגעוועקט דזשאָזעפֿן און קערין וואָס האָבן אָפּגעוואַשן דאָס בלוט אויפֿן פּנים פֿונעם צעשעדיקטן, געלייגט נאַסע האַנטעכער אויף זיינע וואונדן און געגאָסן בראָנפֿן אין זיין אָפֿן מויל, אים אויפֿגעמונטערט.

דער בחור האָט געעפֿנט די אויגן און האָט געקרעכצט. נאָך עטלעכע שלוק בראָנפֿן איז ער איינגעשלאָפֿן. דזשים, דזשאָזעף און קערי האָבן געוואַכט איבער אים און געהאַלטן אין איין צולייגן נאַסע האַנטעכער צו זיין פֿאַרשוואָלן פּנים.

פֿאַרטאָג האָט ער זיך אויפגעכאַפּט. זיך דערמאָנט אַז זיין אויטאָמאָביל האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פֿון וועג. מער האָט ער נישט געדענקט. דער שאָפֿער וויטיק האָט אים צוריק געוואָרפֿן אין בעט.

— מיין נאָמען איז לאַרי, ווי רופֿט מען דיך? — האָט ער קרעכצנדיק געזאָגט. דזשים האָט געזאָגט: — מיין נאָמען איז דזשים.

— נעם אַרויס פֿון מיין קעשענע דעם לעדערנעם טאַש.

דזשים האָט אַרויסגעצויגן דאָס בייטעלע, אַרויסגענומען אַ ווייס געשעפֿט־קאַרטל—„טשאַרלס בראַון און זון—געהילץ־געשעפֿט, אינק.״ . . . און די נומערן פֿון צוויי טעלעפֿאָנען — פֿון געשעפֿט און פֿון דער וואוינונג.

דזשים איז געלאָפֿן צום איינציקן טעלעפֿאָן אין דער געגנט, אין וויליאַמס קראָם, און האָט אָנגעקלונגען דער פֿאַמיליע. אין איין האַלבער שעה זענען געשטאַנען לאַרים עלטערן לעבן זיין בעט, צוזאַמען מיט זייער דאָקטאָר.

— נישט געפֿערלעך! — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט, — בלויז צוויי ריפּן צעבראָכן. נאָר ער האָט פֿאַרלוירן צופֿיל בלוט. מען האָט אים געראַטעוועט אין צייט. ער וואָלט זיכער אָפּגעגאַנגען מיט בלוט.

דער דאָקטאָר האָט באַנדאַזשירט דעם קראַנקן און אים אַהיימגעשיקט.

— האָסט געראַטעוועט מיין זונס לעבן, — האָט דער אַלטער בראַון געזאָגט דזשימין. — איך וועל דיר עס נישט פֿאַרגעסן. ווילסט געלט? וויפֿל ווילסטו?

— איך נייטיק זיך אין אַ דזשאָב, — האָט דזשים שטיל געזאָגט.

— קאָנסט אפשר טרייבן אַ גרויסן טראָק?

— נישט נאָר טרייבן קאָן איך, קאָן אויך פֿאַרריכטן אַ מאָטאָר, ווען מ׳דאַרף.

— גוט, קום מאָרגן צו דער אַרבעט. זיבן אינדערפֿרי דאָ האָסטו מיין קאַרטל. ווייסט דעם פּלאַץ?

— איך וועל זיין אין צייט. — האָט דזשים געענטפֿערט.

# נענסי ווילסאָן

טשאַרלס בראַון האָט זיך צוגעקוקט ווי דער הויכער און קרעפטיקער דזשים לאָדט אָן דעם אָפענעם טראָק מיט ברעטער, מיט פענצטער־ראַמען, מיט טירן, מיט זעקלעך צעמענט און מיט „בלאָקס". ער האָט געזען ווי ער בינדט אַרום די משא מיט שטריק, און ער האָט געטראַכט, אַז דזשים איז אַ גוטער אַרבעטער.

נאָכדעם ווי דזשים האָט זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיט דער אַרבעט, האָט אים בראַון געגעבן עטלעכע בלעטלעך פּאַפּיר.

— קענסט לייענען ?

— יעס סיר !

— דאָ האָסטו דעם אַדרעס וואוהין דו דאַרפסט פירן דעם מאַטעריאַל, און דאָס זענען די קבלות, וואָס דער קאָנטראַקטאָר דאַרף אונטערשרייבן. פאַר־שטייסט ?

— יעס סיר !

— גוט, פאָר. זיי פאָרזיכטיק !

איצט האָט טשאַרלס בראַון אים נאָכגעקוקט מיט זאָרג. זיי אַלע זאָגן אַז זיי קאָנען טרייבן, — האָט ער געטראַכט — נאָר אַז עס קומט צום טרייבן, איז אַ געפאַר זיי צו געטרויען דעם טראָק.

דזשים איז אַרויפגעשפּרונגען אין דער קאַבינע, אָוועקגעלייגט איין האַנט אויף דעם קיילעכדיקן קירעווע־ראָד, מיט דער צווייטער האַנט אַ דריי געטאָן מיטן שליסל און דער מאָטאָר האָט אַ רעווע געטאָן, זיך באַלד באַרואיקט, און האָט ריטמיש געאַרבעט. דזשים האָט געוואַרט די מאַשין זאָל זיך אַביסל אָנ־וואַרעמען, דערנאָך זי אויסגעדרייט אין אַ האַלב קרייז און איז פאַרשוואונדן אויף דעם ברייטן שליאַך.

— נו, ער קאָן די מלאכה. די מאַשין איז אין זיינע הענט ווי אַ קינדעריש וועגעלע, — האָט מיסטער בראַון באַשלאָסן, — דער נעגער האָט אויסגעהאַלטן פּראָבע.

שפּעטער איז דזשים צוריקגעקומען און אויפסניי אָנגעלאָדן דעם טראָק.

— ווי גייט עס אין דער אַרבעט ? — האָט בראַון געפרעגט.

— אויסגעצייכנט, באָס ! ס'איז דער בעסטער טראָק וואָס איך האָב ווען עס איז געטריבן. אַזוי גלאַט און גרינג אַז אַ יינגל קאָן אים טרייבן. איך האָב זיך שוין פאַרליבט אין דער מאַשין.

— איצט איז שוין באַלד צוועלף, מעגסטו גיין עסן. דאָ ניט ווייט איז דאָ פּריטשעטס רעסטאָראַן. דאָרט וועסטו קריגן אַ זאַטן, גוטן מאָלצייט פאַר ביליק. געלט האָסטו?

— יעס סיר, באָס! האָב גענוג געלט, גענוג פאַר מער ווי איין מאָלצייט.

— גוט, עס און קום באַלד צוריק. דער קאָנטראַקטאָר דאַרף האָבן די ברעטער. מיין זון האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף דיר. געפרעגט צי ביסט געקו־מען צו דער אַרבעט.

דזשים האָט זיך געלאָזט צו דזשעק פּריטשעטס רעסטאָראַן און ער איז געווען צופרידן פונעם נייעם דזשאָב. דער מיסטער בראַון איז אַ ווייסער, אָבער אַ פיינער מענטש און די אַרבעט איז אויך נישט צו שווער. ער וועט זיין צו־פרידן פון אים, דער באָס. ס'איז גוט צו לעבן אויף דער וועלט, ווען מ'האָט אַ דזשאָב . . . ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט ניט פאַרגעסן, אַז כ'האָב געראַטע־וועט זיין זונס לעבן. ער האַלט וואָרט . . .

דזשים האָט דערזען דעם רעסטאָראַן און נישט באַמערקט די שילד „בלויז פאַר ווייסע". ער איז אַריין אין דער אָפּטיילונג פאַר די ווייסע און זיך אוועק־געזעצט ביי אַ טישל. די אויגן פון די זיצנדיקע האָבן אויף אים געבליקט מיט האַס, און כאָטש ער האָט געפילט די בליקן ווי שאַרפע שפּיזן, האָט ער נישט געוואוסט פאַרוואָס. דזשעק איז צוגעקומען צו אים און אַ זאָג געטאָן: — די צווייטע טיר, דאָ איז פאַר ווייסע . . . — דזשים האָט זיך אויפגעהויבן. די פריערדיקע גוטע שטימונג האָט זיך אויסגעוועפּט אין זיין געמיט. ער האָט דערפילט די באַליידיקונג ווי אַ שניט מיט אַ מעסער.

אין דער אָפּטיילונג פאַר נעגער האָט ער זיך געשפּירט היימיש. דאָ האָט ער זיך געפונען צווישן מענטשן, וואָס זענען געווען געקליידט ווי ער, אין בלויע הויזן און בלויע העמדער און אין שווערע שיך מיט גראָבע זוילן. ער האָט גע־הערט ווי אַ דיקער נעגער האָט געלאַכט מיט אַ געזונטן געלעכטער. אַנדערע האָבן גערעדט אויף אַ הויך קול און הגם אַלע אומבאַקאַנטע, אָבער דאָך איי־גענע . .

— העלאָ, וואָס וועט איר עסן? — האָט דזשים דערהערט אַ קלינגענדיקע פרויען־שטים.

ער האָט אָפּגעקערט זיין בליק פון פענצטער און איז געבליבן זיצן אַ פאַרגאַפטער פון דער יונגער שלאַנקער שיינהייט, באַטראַכט איר אויסגעטאָק־טן קערפּער, וואָס האָט זיך פאַרמירט אין גרינעם קלייד, געזען איר פאַרטעכל, וואָס האָט געפינקלט פון ווייסקייט, און ביידנס אויגן, שוואַרצע, גליענדיקע, האָבן זיך באַגעגנט, זיך ווידער באַגריסט און גיך זיך דורכגערעדט אויף דער

אויגן־שפּראַך. ביידנס ליפּן האָבן זיך צעשמייכלט. צוויי הערצער האָבן האָס־טיק געקלאַפּט.

— וואָס וועט איר עסן ? — האָט די פרויען־שטים ווידער געקלונגען.

— אַ העם־סענדוויטש און קאַווע. מיין נאָמען איז דזשים בישאָפּ.

— און איך בין נענסי ווילסאָן.

זי האָט לאַנגזאַם אַרויסגענומען אַ קליין ביכעלע, אַ בלייפעדער, אָפּגע־ריסן אַ בלעטעלע און אָנגעשריבן די באַשטעלונג. נאָכדעם האָט זי דאָס בלעטל אַוועקגעלייגט אויפן טישל און איז מיט געמאָסטענע טריט, אַ שמייכלענדיקע, אַוועק פון טישל. זי האָט געשפּירט ווי זיינע אויגן פאָלגן נאָך איר וויגנדיקן קערפּער און דאָס האָט איר פאַרשאַפט פאַרגעניגן.

נענסי ווילסאָן האָט שוין יענעם נאָכמיטאָג געהאַלטן אין איין טראַכטן וועגן דעם פעסט־געבויטן און שיינעם דזשימין. זי האָט געטראַכט, צי ער איז אַ פאַרהייראַטער און צי וועט ער זיך נאָכאַמאָל דאָ ווייזן. זי האָט אויך אי־בערגעטראַכט צי זאָל זי ווייזן אַז זי איז נישט גלייכגילטיק צו אים, אָדער פאַרבאָרגן אירע געפילן, און האָט באַשלאָסן, אַז מען דאַרף וואַרטן אויף מאָרגן, איבערמאָרגן . . . נישט געאיילט.

# וויל חתונה האָבען מיט נענסין

נענסי האָט שוין געאַרבעט אין פּריטשעטס רעסטאָראַן די זעקסטע וואָך, און איז שוין געווען אַ געניטע קעלנערין. זי האָט זיך אויסגעטויגט אין דער קיך, געהאָלפן קאָכן, וואַשן דאָס געשיר און געהאָלפן האַלטן ריין דעם עס־צימער און האָט בריה'דיק באַדינט די געסט. די אייגנטימער האָבן זיך נישט געהאַט וואָס צו באַקלאָגן אויף איר. כאָטש זי האָט שלעכט אויסגעלייגט די נעמען פון די באַשטעלונגען, נאָר מיסעס פּריטשעט האָט זי געדולדיק גע־לערנט אויסלייגן די נעמען און איר געקויפט אַ ווערטער־ביכל.

יעדן טאָג נאָך דער אַרבעט האָט נענסי אויסגעפילט עטלעכע בלעטלעך פּאַפּיר מיט ווערטער און זאַצן. זי האָט זיך אויך געלערנט רעכענען און איר יינגערע שוועסטער סוזי האָט איר אַרויסגעהאָלפן אין דעם שטודירן. די פּריטשעטס האָבן געזען, אַז זי לערנט זיך גוט, האָבן זיי איר געמאַכט קאָמ־פּלימענטן און זי דערמוטיקט.

— נענסי, וועסט דאָך באַלד שוין ווערן אַ לערערין, וועסט עפּענען אַן אייגענע שול, — האָט איר דזשעק פּריטשעט איינמאָל געזאָגט, — אינגיכן וועל איך דיך אָנשטעלן אַלס בוכהאַלטערין, — האָט ער געשמייכלט.

מרס. פּריטשעט האָט אַליין אויפגענייט פאַר נענסין צוויי גרינע קליידער וואָס האָבן איר זייער גוט געפּאַסט. זי האָט איר אויך געגעבן ווייסע פאַרטעכלעך און אַן איבערגעניצעוועטן מאַנטל.

דריי מאָלצייטן האָט נענסי געגעסן אין רעסטאָראַן און פאַרן אַוועקגיין פלעגט די באַלעבאָסטע איינפּאַקן אַ פּעקל עסן פאַר איר מאַמען און שוועסטער. די עלטערע מערי ווילסאָן איז געווען גליקלעך פון איר טאָכטערס אַרבעט און פאַרדינסטן.

איינמאָל האָט דזשעק געזען זיין ווייב זיצן און שטריקן.

— וואָס נייסטו שוין ווידער? — האָט ער געפרעגט.

— דאָס שטריק איך אַ סוועטער פאַר נענסין.

— וואָס זאָרגסטו אַזוי פאַר נענסין? זי איז דיין טאָכטער?

— איך האָב פאַרגעניגן, דזשעק, צו טאָן עפּעס פאַר נענסין.

— גיי בעסער שלאָפן און זוך דיר בעסערע פאַרגעניגנס, — האָט דזשעק געזאָגט.

— דזשעק, ס'וואונדערט מיך, אַז אין אַ נעגער־פאַמיליע זאָל אויסוואַקסן אַזאַ ערלעך און געראָטן מיידל!

— יאָ, האָסט געדאַרפֿט זען אין וואָס פֿאַרא פּינצטערניש און ענג־שאַפֿט זיי וואוינען. אַז איך דערמאָן זיך אין זייער דירה, פֿיל איך ווי מוראַש־קעס וואָלטן געקראָכן איבער מיין לייב.

— דזשעק, דער גרויסער נעגער, וואָס טרייבט דעם טראָק פֿון בראַונס געהילץ־סקלאַד, וואָס קומט אַהער עסן, האָט, דאַכט מיר, געוואָרפֿן אַן אויג אויף נענסין.

— וואָס־זשע גייט עס דיך אָן, זאָל ער!

— ער וואַרט אויף איר יעדן אָוונט און באַגלייט זי אַהיים. ווער ווייסט וואָס פֿאַר אַ מין פֿויגל ער איז. זי איז דאָך יונג, נישט דערפֿאַרן. זי מעג טאָקע זיין אַ נעגערשע, אָבער זי אַרבעט דאָך פֿאַר אונדז. זענען מיר אַביסל פֿאַראַנט־וואָרטלעך פֿאַר איר.

— פֿון וואַנען ווייסטו אַלע פֿאַרבאָרגענע זאַכן?

— וואָס הייסט פֿון וואַנען? נענסי האָט מיר דערציילט.

— ווען מיינסטו, ביג דזשים? ער אַרבעט דאָך עדשט אַ וואָך צייט ביי בראַונען און קען נענסין עטלעכע טעג בלויז, און ער פּראָוועט שוין שטיק מיט איר?

— וועגן דעם, דזשעק, רעדט מען דאָך. אַ נעגער איז אַ נעגער, און זי איז נישט דערפֿאַרן. כ'האָב מורא זי זאָל זיך נישט לאָזן פֿאַרדרייען דעם קאָפּ פֿון אים.

— אפשר ביסטו גערעכט. מירן נאָך פֿאַרלירן אַן אַרבעטערין, איז וועלכער מיר האָבן אַריינגעלייגט אַזויפֿיל מי...

איין אָוונט ווען דזשים האָט געוואַרט אין דרויסן אויף נענסין, האָט אים דזשעק צוגערופֿן און אים געפֿרעגט צי ער אַרבעט ביי בראַונען. דזשים האָט אים געזאָגט אַז ער איז דער טרייבער פֿון טראָק.

— ווייסט ווי עס פֿירט זיך דאָ, דזשים? — האָט דזשעק געזאָגט, — אַז אַ ווייסער לייגט אַוועק אַ נעגער איז פֿאַרפֿאַלן. אָט, ווען איך טו עס, דאַרף איך בלויז זאָגן דעם פּאָליסמאַן, אַז ער האָט באַליידיקט מיין ווייב און ער וועט מיך אַפֿילו נישט אַרעסטירן... פֿאַרשטייסט וואָס איך רעד צו דיר? — האָט דזשעק אים געפֿרעגט.

— יעסע סער, נאָו סער! — האָט דזשים געשטאַמלט און ענדלעך אַרויסגעזאָגט: — איך פֿאַרשטיי נישט.

— איך רעד דאָך צו דיר קלאָר, וואָס איז דאָ נישטאָ וואָס צו פֿאַרשטיין? וועגן נענסין רעד איך צו דיר. איך קען איר מאַמען און שוועסטער, און בין פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר איר. טאָמער רירסטו זי אָן מיט אַ פֿינגער, וועל איך

דיך דערשיסן ווי אַ הונט. דו לאָז זי בעסער צורו, עס פעלן דיר נישט קיין מיידן. איצט פאַרשטייסטו שוין ?

— אַ, מיסטער פריטשעט, איך וועל זיך בעסער לאָזן שניידן דעם גאַרגל, איידער טאָן שלעכטס נענסין. איך וויל מיט איר חתונה האָבן.

— ווער ביסטו, פון וואַנען קומסטו ? ביסט, דאַכט זיך, נישט פון אונד־זערע ערטער.

— פרעגט ביי מיין באָס און זיין זון, די בראַונס, זיי וועלן אייך אַלץ זאָגן וועגן מיר. זיי וועלן גאַראַנטירן פאַר מיין ערלעכקייט.

בלויז דער נאָמען פון דעם רייכן אייגנטימער פון געהילץ־געשעפט איז געווען גענוג איינצושטילן פריטשעטס צאָרן. ער האָט שוין איצט געקוקט מיט אַביסל מער אָפּשיי אויפן נעגער. ער האָט געשוויגן און נאָכדעם געפרעגט :

— אַזוי גאָר, ווילסט חתונה האָבן מיט נענסין; האָסט שוין געפרעגט ביי איר ?

— היינט וועל איך זי פרעגן. איך גלייב אַז זי וועט איינשטימען, — האָט דזשים געשמייכלט.

— נו גוט, פרעג זי, נאָר אַז פוילע שטיק, פאַרשטייסט ?

— יעס סער !

# דער האָנימון

גאַנצע פיר טעג, פון פרייטיק ביז מאָנטיק האָבן דזשים און נענסי גע־פּראַוועט זייער האָניק־חודש. דזשעק פּריטשעט האָט געגעבן נענסין אַ חתונה־מתנה, פינף דאָלאַר, און מרס. פּריטשעט האָט איר צוגעטראָגן אַ סוועטער פון ווייז־קאָליר און אין דער קעשענע אַריינגעלייגט אַ צוויי דאָלאַר־ביל אַלס סימן פון מזל. פון זיין באָס האָט דזשים באַקומען צען דאָלאַר אַלס חתונה־מתנה און בראַונס זון, לאַרי, וועמען דזשים האָט געראַטעוועט, האָט אים געקויפט אַ ברוינעם לעדערנעם זשאַקעט און צוגעלייגט פינף דאָלאַר מזומן.

טשאַרלס בראַון האָט אויך געליגן זיין אַרבעטער אַ קליינעם טראָק פאַר די פיר האָנימון־טעג.

— ביזט אַ מזלדיקער נעגער, דזשים, — האָט דער אַלטער בראַון גע־זאָגט, — האָסט אַ יונג און שיין ווייבל. איר האָט ביידע גוטע דזשאָבס, איר וועט נאָך ווערן די רייכסטע נעגערס אין פּאַראַדיז. גיב נאָר אַכטונג עס זאָל דיר נישט פאַרדרייען דעם קאָפּ . . . — האָט בראַון געלאַכט און געקלאַפּט דזשימין אויף דער פּלייצע, — גיי, פאַרברענג אַ גוטן האָנימון, נאָר פאַרגעס נישט מאָנטיק צו קומען צו דער אַרבעט.

דאָנערשטיק אָוונט האָבן זיך אין מערי ווילסאָנס הויז פאַרזאַמלט פריינט און שכנים צו דער חתונה־סעודה און האָבן געהוליעט ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין.

פרייטאָג איז דאָס פּאָרל אָפּגעפאָרן אין קליינעם טראָק קיין פּאַראַדיז און איינגעקויפט די נייטיקע שפּייז־אַרטיקלען: פיש און פלייש און צוקער און קאַווע, און מעל און גרינוואַרג, און זענען צוגעפאָרן צו דזשימס פריינט דזשאָזעף און קערי.

אַ גאַנצן טאָג האָבן קערי און נענסי געבאַקן און געקאָכט פאַר דער סעודה. די נייעס וועגן דזשימס חתונה האָט זיך צעטראָגן און דזשאָזעפס הויז איז געווען געפּאַקט מיט געסט — דזשימס פריינט.

די געסט האָבן באַלאַגערט די באַלאָדענע טישן מיט די פאַרשידענע מאכלים און זיך נישט געקאָנט אָפּלויבן פון די געשמאַקע פיש, געבראָטענע הינער און געבראָטענע לעבער און האַמבורגערס, און קאַלבס־פלייש און חזיר־פלייש, און אינדיק, און געבראָטענע קאַרטאָפל, און קאַרטאָפל־סאַלאַד, און רייז, און אַרבעס, און קאָרן־ברויט, און עפּל־פּאַי, און ראָזשינקעס־פּאַי, און פּאָמפּקין־פּאַיס.

עס האָט נישט אויסגעפעלט קיין משקה. די שכנים האָבן געבראַכט זייער אייגן־געמאַכטן בראָנפן, וויין און ביר. די שטימונג איז געווען אַ יום־טוב׳דיקע.

קערי האָט דערציילט די געסט, אַז די אַלע געשמאַקע מאכלים האָט נענסי צוגעגרייט. — אי אַ שיינהייט, אי אַ גרויסע בריה, — האָט קערי געלויבט נענסין.

די געסט האָבן הילכיק געפּאַטשט און געשריגן הוראַ פאַר נענסין.

— דזשים, ביזט אַ מזל׳דיקער מענטש, — האָבן געסט געשריגן.

— וואו האָסטו געגומען די שיינע פּרינצעסין, דזשים? — האָט איינער פון די געסט געפרעגט.

— ער האָט זי אַרויסגע׳גנב׳עט פון קעניגלעכן פּאַלאַץ!

— ער האָט זי געבראַכט פון מצרים, זי איז קלעאָפּאַטרעס קוזינע.

— אַ מזל פון אַ בחור!

— דזשים, וואָס שווייגסטו? דערצייל וואו דו האָסט געפונען די שיינע פּרינצעסין? און ווי אַזוי האָסטו זי פאַר׳כישופ׳ט?

דזשים האָט דערציילט די גאַנצע געשיכטע, ווי אַזוי ער האָט געראַטע־וועט לאַרי בראַון און איז באַלוינט געוואָרן מיט זיין דזשאָב אין בראַונ׳ס גע־הילץ־געשעפט. ער האָט דערציילט ווי אַזוי ער האָט פאַרלוירן זיין אַלטן דזשאָב, ווי אַזוי ער האָט אויפן וועג פאַרריכט דעם טראָק, און דער ווייסער פאַרמאַן האָט אים באַליידיקט און געזידלט און געשריגן — „פאַרנעם זיך פון דאַנען, דו לויזיקער ניגער, האָסט פאַרשפּעטיקט אויף צוויי שעה“.

— אַ הינטישער זון! אַ לומפּ! — האָבן עטלעכע געסט געשריגן.

דזשים האָט דערציילט אַז ער האָט זיך געשעמט צו דערציילן וועגן דעם זיינע פריינט. ער האָט געשילדערט יענע נאַכט, ווען ער האָט לעבן דער קראָם אַריינגעגאָסן אַ היפּשע פּאָרציע משקה צו פאַרטרינקען זיין ווייטיק. און אויפן וועג אַהיים, האָט ער אין אַן איבערגעקערטן אויטאָמאָביל דערזען אַ פאַרבלו־טיקטן און פאַר׳חלש׳טן ווייסן, און ער האָט מיט אַלע זיינע כוחות אויפגע־ריסן די טיר פון אויטאָמאָביל און געראַטעוועט דאָס לעבן פון פאַרוואונדעטן.

— האָסט אַ ווייך האַרץ, דזשים, דענקסט אַז אַ ווייסער ממזר וואָלט אויך זיך אָנגעשטרענגט צו ראַטעווען אַ נעגער? — האָט איינער פון די געסט געפרעגט.

— אַ נעגער וואָס וויל נישט ראַטעווען אַ מענטשנס לעבן, בלויז דערפאַר ווייל יענער איז אַ ווייסער, איז נישט קיין נעגער. ער איז ברוטאַל ווי די ווייסע, — האָט דזשאָזעף געברומט.

— אָמן! הללויה! ריכטיק! — האָבן די געסט געשריגן.

— הכלל, דזשים, דער אַלטער בראַון האָט דיר געגעבן נענסין, אַ מתּנה, צוליב ראַטעוועז זיין זונס לעבן.

— ניין, נענסין האָב איך באַגעגנט אין רעסטאָראַן. ווי נאָר זי האָט מיך דערזעזן האָט זי מיך געבעטן איך זאָל מיט איר חתונה האָבן, — האָט דזשים געענטפערט מיט אַן ערנסטן אָנשטעל.

— נישט אמת, — האָט נענסי אויסגעשריגן, — דזשים האָט זיך געבעטן ביי מיר, מיך פאַרפאָלגט טעג און נעכט און זיך געשוואוירן אַז אויב איך האָב מיט אים נישט חתונה איז זיין לעבן קיין לעבן נישט, האָב איך אים דערקלערט, אַז אויב ער האָט געראַטעוועט דאָס לעבן פון אַ ווייסן בחור, בין איך גרייט זיך מקריב צו זיין און ראַטעווען דאָס לעבן פון אַ שיינעם נעגערישן בחור.

— הוראַ פאַר נענסין! — האָבן די געסט געשריגן.

קערי האָט פון קיך געבראַכט קריגלעך מיט הייסער קאַווע און די געסט האָבן געשלונגען די געשמאַקע פּאַיס און געזופּט קאַווע.

עמעצער האָט פאַרצויגן אַ ניגון. אַ קרעפּטיקע באַריטאָן־שטים האָט צו־געהאָלפן, אַ לירישע טענאָרל האָט אַריינגעקלונגען. גלייכצייטיק האָט אַ האַר־ציקע סאָפּראַנאָ־שטים זיך אַריינגעשניטן, און אַ געזאַנג האָט אָנגעפילט די שטוב, זיך געכוואַליעט דורך די אָפענע פענצטער איבער די פעלדער און האָט אויפגעציטערט די נאַכט.

„גאָו דאַון מאָזעס ווער אינטאָ אידזשיפּטס לענד,
טעל אָל' פעיראָ: לעט מאַי פּיפּל גאָו!" — — —

(גיי אַרונטער מאָזעס, טיף אין עגיפּטן־לאַנד, זאָג דעם אַלטן פּרעה:
לאָז אַרויס מיין פאָלק!)

נאָכן זינגען האָבן די געסט גערעדט וועגן זייערע פאַרמס, יעדער איי־נער האָט דערציילט וועגן זיין מאָגערער נחלה, וועגן זיין פּראַצע, זאָרג, וועגן די אַלטע כאַטעס, צעפוילטע דעכער, רעגנס, ווינטן. ביז מען איז אַרויפגעקו־מען אויף דער מלחמה אין אייראָפּע. אייניקע האָבן דערציילט וועגן די גרוי־ליקע מעשים פון די דייטשע זעלנער אויף די שלאַכטפעלדער, ווי זיי עסן אויף לעבעדיקע פראַנצויזן, ענגלענדער. עטלעכע יונגע מענער און פרויען האָבן זיך אַרויסגערוקט אין דער שטיל פון הויז אין דער נאַכט אריין.

ביים ערשטן קריי פון האָן האָבן זיך די געסט געהויבן פון די ערטער און מען איז זיך צעגאַנגען יעדער אין זיין נאָרע, זאַט פון די געשמאַקע מאכלים, צופרידן און דערהויבן פון דער גרויסער שמחה.

# אַ צעבראָכענער פוס

עס זיינען נישט פאַרביי קיין דריי חדשים נאָך דזשימים חתונה און אַמע־ריקע איז אַריינגעטראָטן אין קריג מיט דייטשלאַנד, און דזשים איז רעקרו־טירט געוואָרן אין דער אַרמיי. עס איז שווער געווען פאַר דזשימין צו פאַרלאָזן זיין יונג און שיין ווייבל, זיינע פריינט, נאָר ער האָט זיך געטרייסט מיט דעם, וואָס די בראַווע און פרייע אַמעריקאַנער וועלן פאַרטיליקן די מידע דייטשע אַרמייען, דער קריג וועט זיך גיך ענדיקן און די אַמעריקאַנער סאָלדאַטן וועלן זיך צוריקקערן צו זייערע היימען.

אויך פאַר נענסין איז די מלחמה, וואָס האָט אוועקגעריסן פון איר איר יונגן מאַן, געקומען ווי אַ קלאַפּ פון שווערן גורל. אַ נאָגנדיקע בענקעניש האָט זי געקלעמט און זי האָט געציטערט פאַר דער שרעקלעכער בשורה, וואָס קאָן אַ ליאַדע טאָג אָנקומען פון יענער זייט . . . אַ טיפער אומעט האָט זיך באַ־זעצט אין איר האַרץ, און זי האָט געלעבט ווי אין אַ הינערפלעט. זי האָט געאַר־בעט מעכאַניש, פון געוואוינהייט, און האָט זיך אָפט באַגאָסן מיט טרערן. דער איינציקער ליכטיקער שטראַל אין איר גרוי, אומעטיק לעבן איז געווען אַ בריוו פון דזשימין, וואָס איז דערגאַנגען פון ערגעץ אַ פונקט אויפן אייראָפּיי־אישן שלאַכטפעלד. די בריוו פלעגט זי לייענען בייטאָג און ביינאַכט, ווען זי פלעגט זיך אויפכאַפּן פון שלאָף. אין די טעג וואָס זי האָט פון אים נישט גע־האָט קיין בריוו האָט זי איבערגעלעבט עפּעס שרעקלעכעס. עס האָבן נישט גע־האָלפן די טענות פון איר באַלעבאָסטע מרס. פריטשעט:

— נאַרישע נענסי, קיין נייעס איז גוטע נייעס. וואָלט עפּעס געטראָפן מיט דזשימין, וואָלסטו שוין געוואוסט. פאַרוואָס פייניקסטו זיך? דו זעסט דאָך אויס ווי אַן אַלטע אָפּגעלעבטע פרוי. ווען דיין מאַן וועט קומען פון פראָנט און דיך אָנקוקן, וועט ער אַנטלויפן פון דיר. מענער האָבן פיינט צעקרימטע ווייבער. נעם זיך אין די הענט! וואָס קלאָגסטו? פאַרוואָס דרייסטו זיך אַרום ווי אַ שאָטן? דו מיינסט, אַז דו ביסט די איינציקע, וואָס האָט אַ מאַן אויפן שלאַכטפעלד? טויזנטער פאַרהייראַטע מענער זיינען דאָרטן פאַראַן. וואָס קאָן מען טאָן, אַז גאָטס צאָרן האָט זיך אויסגעגאָסן אויף אונדזער לאַנד.

און אויך איר מוטער מערי פלעגט רעדן צו איר:

— וואָס מיינסטו עפּעס, דאָס לעבן פון דער פרוי איז אַ האָנימון? ווען דיין טאַטע איז געשטאָרבן, בין איך געבליבן מיט צוויי קינדער אויף מיינע

הענט. שיין וואָלט איך אויסגעזען, און אַז אַך און וויי וואָלט געווען צו דיר, און סוזין, ווען איך וואָלט צעבראָכן געוואָרן ווי דו?

אַז די רייד האָבן נישט געהאָלפן, האָט שוין מערי פאַרלוירן איר גערולד און געשריגן אויף דער טאָכטער:

— ווילסט קראַנק ווערן? ווילסט רואינירן דיין יונגן לעבן? טו ווי דו ווילסט, שלאָג זיך קאָפּ אין וואַנט, אָבער פאַרביטער נישט מיין לעבן און דיין שוועסטערס לעבן! איך וועל נעמען סוזין און אַנטלויפן מיט איר וואוהין די אויגן וועלן מיך טראָגן, אויב וועסט נישט אויפהערן קלאָגן. איך שווער ביי גאָט אַז איך וועל עס טאָן!

דאָס סטראַשען פון דער מאַמען, אַז זי וועט אַנטלויפן מיט סוזין האָט אַביסל געווירקט. זי האָט זיך גענומען אין די הענט און קאָנטראָלירט איר אינעווייניקסטן צער, און מער נישט געוויזן די טרערן. עס האָט אויסגעזען, אַז זי ווערט מונטערער און פריילעכער.

באַלד נאָכן וואָפּנשטילשטאַנד האָבן אָנגעהויבן אַריינשווימען אַהער די שיפן מיט די פאַרוואונדעטע און צעקריפּלטע סאָלדאַטן. טייל אָן הענט, אָן פיס, טייל מיט צעלעכערטע לונגען, מיט גאַז אין די לונגען, טייל גערירט פון זינען, און אַ סך זענען געווען בלינדע און טויבע.

זייערע מאַמעס, פרויען, כלות, האָבן געזען ווי מען טראָגט אַראָפּ די קראַנקע אויף טראָג־בעטלעך, ווי מען פירט זיי אויף וועגעלעך אין די סאַני־טאַריומס און שפּיטעלער. די מער מזל׳דיקע האָבן געוויגט זייערע קערפּערס אויף הילצערנע קוליעס . . . צווישן די דאָזיקע „מזל׳דיקע" האָט זיך געפונען דזשים וועמענס קערפּער איז צעלעכערט געוואָרן פון שראַפּנעל־קוילן. ער האָט געהאַט אַ צעבראָכענעם פוס, וואָס איז געווען איינגעבעטט אין גיפּס און איז אַראָפּ פון דער שיף אויף קוליעס. ער האָט נישט געקאָנט אַריינגיין אין אַר־מיי־טראַק וואָס האָט געפירט די סאָלדאַטן אין שפּיטאָל, און מען האָט אים געדאַרפט אַרויפטראָגן.

דזשים האָט געמוזט ליגן אַ לענגערע צייט אין שפּיטאָל. דער צעבראָכע־נער פוס האָט זיך נישט פאַרהיילט אַזוי שנעל. ער האָט דורכגעמאַכט צוויי אָפּעראַציעס און דאָקטוירים האָבן געמוזט באַפּעסטיקן די צעבראָכענע טיילן מיט שטאָלענע דעקן. די צווייטע אָפּעראַציע איז געלונגען, דער ביין האָט זיך איינגעשלאָסן אין פוס־סקעלעט, נאָר ווען דזשים האָט אָנגעהויבן גיין, האָט ער געשפּירט מורא׳דיקע ווייטיקן, און די דאָקטוירים האָבן נאָך לאַנג געדאַרפט אַרבעטן אויף אים ביז דאָס געשווילעכץ האָט אַביסל אָנגעהויבן אָפּגיין, און דער קראַנקער רויט־בלויער קאָליר פון דער הויט איז העלער געוואָרן. די הויט

האָט צוריקבאַקומען איר געוויינלעכן שוואַרצן קאָליר, מער בלוט האָט אָנגעהויבן אַריינשטראָמען אין די אָדערן פון זיינע פיס, און עס האָט אים שוין ווייניקער געברענט און געשטאָכן אין די פוס־פינגער, אַז ער האָט דערפילט אַ וואַרעמקייט אין די פיס. דזשים האָט זיך שוין מער נישט געצייטיקט אין די קוליעס. ער האָט זיך אָנגעשפאַרט אויף אַ שטעקן. צום ערשטן געמאַכט אַ קורצן שפּאַציר און דערנאָך — אַ לענגערן.

ווען ער איז געלעגן אין שפּיטאָל האָט אים נענסי באַזוכט יעדן טאָג און יעדע גאַבע. געליטן פון זיין שמערץ, און זיך געפרייט ווען אים איז בעסער געוואָרן. נענסי פלעגט אָפּזיצן ביי זיין בעט גאַנצע שעה'ן, און אים דערציילט נייעסן וועגן זייערע פריינט, שכנים.

ער האָט זיך דערוואוסט פון איר, אַז נאָך מיט אַ יאָר צוריק, ווען דזשים איז נאָך געווען אויף יענער זייט ים, האָט דזשעק פּריטשעט געליטן פון אַ האַרץ־אַטאַקע, און איז אָפּגעלעגן אין שפּיטאָל צוויי חדשים. ער איז אַהיימגעקומען אַן אָפּגעצערטער, אַז ער האָט זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס. מרס. פּריטשעט האָט דאַן אַריינגענומען סוזין אַלס ארויסהעלפּערין אין רעסטאָראַן. עס האָט לאַנג נישט גענומען און דזשעק איז ווידער קראַנק געוואָרן און איז שוין מער נישט אויפגעשטאַנען.

— דזשים, — האָט נענסי גערעדט מיט טרערן אין די אויגן, — האָסט געמעגט זען וואָס פון מרס פּריטשעט איז געוואָרן. נאָך איר מאַנס טויט איז זי אינגאַנצן צעבראָכן געוואָרן. זי האָט מורא צו שלאָפן אַליין און איך מוז שלאָפן אין איר מאַנס בעט. זי כאַפּט זיך אויף יעדע נאַכט מיט אַנגסט־געשרייען און יעדע וואָך גייט זי צו אַ דאָקטאָר.

אויך דער רעסטאָראַן איז שוין נישט דער זעלבער. סוזי קאָן גוט קאָכן און באַקן. נאָר קיינער קאָן נישט פאַרנעמען מר. פּריטשעטס פּלאַץ. ער איז געווען איינער אין זיין מין. אַזאַ מין קוכער איז גאָר נישטאָ אויף דער וועלט. קיין וואונדער נישט וואָס איצט קומען ווייניק מענטשן אין רעסטאָראַן. . .

— נישט געזאָרגט, נענסי! — האָט זי דזשים געטרייסט, — מרס. פּריטשעט וועט געזונט ווערן. זי וועט מסתמא פאַרגעסן אין איר מאַן ווי טויזנטער אַנדערע אַלמנות. דאָס לעבן איז שטאַרקער פון טויט. אויך דער רעסטאָראַן וועט נישט אונטערגיין. מענטשן מוזן עסן און אַ רעסטאָראַן איז אַ גייענדיק געשעפט . . .

— דו, דזשים, ביסט קלוג, — פלעגט אים נענסי זאָגן, — דו ווייסט אַלץ וועגן מענטשן, פאַרשטייסט אַפילו וועגן געשעפט און דו רעדסט דאָך אַזוי שיין. כ'בין שטאָלץ מיט דיר. דיינע רייד מאַכן מיך גליקלעך. ווען דו וועסט

אַרויס פון שפּיטאָל זע און רעד צו מרס. פּריטשעט. דיינע רייד וועלן איר העלפן מער ווי די רפואות פון די דאָקטוירים.

— און מיט סוזין מוזטו אויך רעדן, — האָט נענסי צוגעגעבן, — זי האָט זיך אַריינגענומען אַ משוגעת אין קאָפּ.

— סוזי, וואָס האָט דען פּאַסירט מיט איר? — האָט דזשים געפרעגט.

— גאָרנישט האָט פּאַסירט. דאָס איז דאָך דער אומגליק, — האָט נענסי געשמייכלט.

— פאַרשטייסט, דזשים, — האָט זי ענדלעך אָנגעהויבן, — סוזי איז אַ שיינע. זי האָט גרויסע שוואַרצע און פייערדיקע אויגן, אַ הויט גלאַט ווי סאַמעט, און אַזאַ אויסגעטאָקטע און בייגעוודיקע פיגור. די בחורים קניען ממש פאַר איר, אָבער זי יאָגט זיי פון זיך. זי וויל נישט, זאָגט זי, הייראַטן אַ נעגער. זי וויל חתונה האָבן מיט אַ רייכן ווייסן מאַן. ביסט אַ מבין אויף איר, דזשים? זי אַרבעט אין דער אָפּטיילונג פאַר די ווייסע. זי זעט די רייך־געקליידעטע דזשענטלליים און זיי מאַכן איר קאָמפּלימענטן, גיבן איר גרויסע „טיפּס" (טרינק־געלט), האָט זיך איר פאַרדרייט דער קאָפּ.

— איינמאָל זאָגט זי צו מיר: אויב מרס. פּריטשעט וועט וועלן איך זאָל אַרבעטן אין דער אָפּטיילונג פאַר נעגערס, וועל איך פאַרלאָזן דעם דזשאָב. וועסט דאַרפן רעדן מיט איר, דזשים, מיך פאָלגט זי נישט.

— און מיך וועט זי יאָ פאָלגן? — האָט דזשים געשמייכלט, — איך בין דאָך אויך אַ נעגער.

— דיך, דזשים, האָט זי ליב און נאָר דו קאָנסט אַרויסשלאָגן פון איר קאָפּ די פּוסטע חלומות וועגן חתונה האָבן מיט אַ רייכן ווייסן. זאָג איר אַז אַזעלכע זאַכן טרעפן זיך נישט . . .

— איך ווייס נישט, — האָט דזשים געזאָגט שטיל, — דאָ פּאַסירט עס נישט, אָבער אין פראַנקרייך און ענגלאַנד הייראַטן ווייסע מיט שוואַרצע. דאָ זענען מיר געוועזן שקלאַפן, באַטראַכטן זיי אונדז ביז היינט ווי אונטערטעניקע, ווי צווייט־קלאַסיקע.

— אָבער וואַרט צו, דזשים, כ'האָב דיר נאָך נישט אַלץ דערציילט.

— וואָס נאָך? — איז דזשים געוואָרן נייגעריק, און האָט זיך אַ הייב געטאָן פון בעט.

— לאַרי בראַון האָט סוזין פאַרדרייט דעם קאָפּ. ער קויפט איר מתנות, האַנט־טיכעלעך, אַ לעדערנעם האַנט־טאַש. זי איז שוין געפאָרן מיט אים אין זיין אויטאָמאָביל. נעכטן האָט ער איר געבראַכט אַ פּאָר גאָלדענע אוירינגלעך.

— לאַרי?

— יאָ, דזשים, דער זעלבער לאַרי, וועמען דו האָסט אַרויסגעראַטעוועט פון צעבראָכענעם אויטאָמאָביל. זייער געהיליץ־געשעפט איז דאָך נישט ווייט פונעם רעסטאָראַן. ער קומט אַהער אַריין עטלעכע מאָל אַ וואָך אויסטרינקען אַ קאַווע. ער פרעגט זיך נאָך אויף דיר, און פלירטעוועט דערווייל מיט סוזין, און ער איז פאַרקאָכט אין איר . . .

— נו, מילא, ער וועט זי נישט אויפעסן. ער איז אַ פיינער בחור, פון אַ בכבוד׳יקער פאַמיליע, זאָרג זיך נישט, נענסי, — האָט דזשים געזאָגט.

:: :: ::

— דזשים, געדענק, אַז דיין פוס איז נאָך ווייט פון נאָרמאַל. טאָרסט זיך נישט אָנשטרענגען, פון טרייבן אַ טראָק איז אָפּגערעדט. מעגסט אַביסל שפּאַצירן, נישט צופיל. שפּאַר זיך אָן אויף אַ שטעקן, נאָר טאַנץ נישט, לויף נישט, שפּרינג נישט! ס׳וועט דויערן עטלעכע חדשים ביז דיין פוס וועט זיך אינגאַנצן אויסהיילן, נאָר וועסט זיך שטענדיק מוזן היטן, — די ווערטער האָט דער דאָקטאָר אָנגעזאָגט דזשימין, ווען דזשים האָט פאַרלאָזן דאָס שפּיטאָל.

— ס׳איז גוט צו זיין צוריק אין דער היים, — האָט דזשים געזאָגט זיינע פריינט בעת זייער ערשטער באַגעגעניש, — נישטאָ קיין בעסער אָרט ווי די היים, די זיסע היים. די אָרעמסטע היים איז אַ גן־עדן אין פאַרגלייך מיט דעם גיהנום אין וועלכן איך האָב זיך געפונען עטלעכע יאָר.

— ביסט אַ מזל׳דיקער מענטש, דזשים, — האָבן אים די שכנים געזאָגט. מיר האָבן געבעטן גאָט פאַר דיין געזונט. איצט דאַרפסטו רוען, דאַרפסט נעמען אַ לענגערע וואַקאַציע.

— ביסט אין געטרייע הענט, — האָבן אים די שכנה׳ס פאַרזיכערט, — דיין מאַמע מערי, דיין ווייב נענסי און דיין שווענגערין סוזי, וועלן שוין גוט אַכטונג געבן אויף דיר.

— אַ מזל׳דיקער מענטש. איז אַרויס אַ לעבעדיקער פון קריג און קומט אַהיים צו דריי ווייבער, — האָבן די שכנים צוגעגעבן. — טאַקע ווי אַ סולטאַן צוריק אין זיין האַרעם . . . זאָל אים וואויל באַקומען.

# אַן הלוואה אין באַנק...

די לענגערע וואַקאַציע איז געווען צו שווער פאַר דזשימין. די פרויען זע־נען געווען ביי דער אַרבעט און ער האָט געמוזט בלייבן אין דער היים. אים פלעגט נמאס ווערן צו זיצן אין דער וויג־שטול, פלעגט ער אַביסל שפּאַ־צירן, און דערנאָך זיך אַריינלייגן אין בעט, און אַז ער איז אַרויסגעקראָכן פון בעט האָט ער נישט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך. זיין גאַנצער קערפּער האָט געבענקט נאָך אַרבעט, זיינע שטאַרקע הענט האָבן ווידער געוואָלט אַ קירעווע טאָן מיטן רעדל פונעם טראָק, נאָר דער שוואַכער פוס האָט אים גע־האַלטן ווי אין אַ תפיסה.

פון גאָרנישט טאָן איז דזשים געוואָרן נערוועז, זיך געקריגט מיט נענסין צוליב קלייניקייטן. אין פייכטע טעג פלעגט אים דער פוס מאַטערן, און ער האָט זיך געשאָלטן מיט טויטע קללות. ער האָט אויסגעגאָסן זיין גרימצאָרן אויף די ווייסע הערשער, וואָס מאַכן מלחמות און דערפירן צו דעם, אַז מיליאָנען זאָלן אויסגעשאָכטן ווערן, פאַרבלייבן קריפּלס.

אין זוניקע טעג, ווען דזשים איז געזעסן אויף די טרעפּ פון הויז. און ער האָט אין זיין פאַנטאַזיע זיך געזען ווי ער טראָגט לאַנגע און שווערע ברעטער, לאָדט זיי אָן אויפן טראָק מיט אַזאַ גרינגקייט, ווי זיי וואָלטן געווען שפּענדלעך, ווי ער טראָגט הונדערט־פונטיקע זעק מיט צעמענט אָן דער מינדסטער אָנ־שטרענגונג, ווי זיי וואָלטן געווען זעק מיט פעדערן; ער האָט געזען דעם באָס, טשאַרלי בראַון, שטיין פון דערווייטנס און אָנקוקן פון זיין גבורה. און באַלד גיט ער פלינק אַ שפּרונג אַריין אין טראָק ווי אַ פויגל אין דער נעסט, גיט אַ דריי מיטן קליינעם שליסעלע און דער מאָטאָר גיט אַ רעוועדיקן קרעכץ, און באַלד גיט ער זיך אַ גליטש און צעלאָזט זיך מיט אַן אימפּעט אויפן ברייטן אַספאַלטירטן וועג. ער האַלט דאָס ראָד אין די הענט, קירעוועט רעכטס, לינקס, און דער לאַנגער, מעכטיקער טראָק פאָלגט אים. ער גייט וואוהין ער, דזשים, באַפעלט אים. ווען־ווען וועט עס שוין זיין? ווי לאַנג וועט נאָך נעמען ביז דו וועסט ווערן אַ פוס מיט אַלע פּיס צוגלייך? — פלעגט דזשים רעדן צום קראַנקן פוס.

דזשים פלעגט זיך אויך אַמאָל אַריינשלייכן אין רעסטאָראַן און רעדן צו מרס. פריטשעט טרייסט־רייד. און די אייגנטימערין פון רעסטאָראַן פלעגט זאָגן, אַז נאָכדעם ווי דזשים רעדט צו איר, פילט זי זיך ווי אַן אַנדער מענטש.

זי פלעגט אים איינלאַדן ער זאָל וואָס אָפטער אַריינקומען צו איר. נאָר דזשים פלעגט זיך קלאָגן, אַז אים איז שווער דורכצומאַכן דעם לאַנגן וועג, דער גאַנג פאַרשאַפט שמערצן זיין פוס.

איינמאָל האָט אים מרס. פריטשעט געזאָגט, אַז איר אַלט „פאָרדל" שטייט שוין לאַנג אין גראָז און זשאַווערט, אויב ער זאָל עס רירן פון אָרט, אַריינגעבן אין דעם אַ לעבעדיקן אָטעם, וועט ער עס קאָנען נוצן.

אַ נחת'דיקע פרייד האָט זיך צעגאָסן אין דזשימס אַלע גלידער. ער האָט געאַרבעט גאַנצע טעג אויף דער אַלטער מאַשין, אַרויסגענומען גאַנצע טיילן פון דעם מאָטאָר, זיי געוואַשן מיט געזאָלין, זיי אויסגעשייערט און צוריק, מיט פאָרזיכטיקייט, אַריינגעשטעלט וואו זיי געהערן. נאָכדעם האָט ער אויס־געוואַשן דעם זשאַווער פון דעם וואַסער־קילער, און אים אָנגעפילט מיט פריש וואַסער, האָט אויסגעצאַפּט דעם אַלטן שוואַרצן אויל און אַריינגעגאָסן פרישן, ריינעם פעטראָליום. ער האָט אַריינגעשטעלט אַ נייע „בעטערי" און נאָכדעם אָפּגעוואַשן דעם גאַנצן אויטאָמאָביל אין דרויסן און אינעווייניק.

— דאָס מוז זיין אַ גוטער אויטאָמאָביל, פאָרדס לעצטער מאָדעל, — האָט ער געזאָגט נענסין, — דאָס איז אַן אויטאָמאָביל, וואָס מען קאָן אים לאָזן אין גאַנג, ווען מען זיצט אינעווייניק, אָנשטאָט דרייען אים אין דרויסן.

אַ צופרידענער פון זיין אָפּגעטונענער אַרבעט, נאָר אַביסל אומזיכער, האָט ער אַ דריי געטאָן מיטן שליסל, אַרויסגעשלעפּט דעם וואַרגער און אַ דריק געטאָן מיטן קנעפּל — נאָר דער מאָטאָר איז געבליבן שטום. ער האָט נאָכ־אַמאָל געפּרואווט, און דאָס זעלבע — ער איז טויט ווי אַלע טויטע. ער האָט געטראַכט און געטראַכט: — וואָס קאָן זיין די אורזאַך? וואָס האָב איך פאַר־פעלט צו טאָן? ער האָט ווידער אַ דריק געטאָן דעם „אָנהייבער" און ס'האָט זיך דערהערט אַ קרעכץ, אַ ברום, און ווידער שטיל. נאָך אַמאָל — דער מאָטאָר האָט זיך איבערגעקערט, שטיל געבליבן, און ווידער זיך איבערגעדרייט און אָנגעהויבן כריפּען, זינגען. ביז דזשים האָט דערהערט דעם נאָרמאַלן ריטעם פון אַ געזונטן מאָטאָר.

— ביזט אַ מזל'דיקער מענטש, — האָט אים נענסי געזאָגט, — דער איינציקער נעגער וואָס פאַרמאָגט אַן אייגענעם אויטאָמאָביל.

די אַרבעט אויפן אויטאָמאָביל האָט געווירקט אַז דזשים זאָל פאַרגעסן זיין קראַנקן פוס און זיין שטעקן. דער ווילן און די אַמביציע אויפצולעבן די טויטע מאַשין האָט אים אינגאַנצן פאַרשלונגען, אַז ער האָט פאַרגעסן אין זיין קראַנקייט. זיינע הענט, וואָס האָבן געהונגערט נאָך אַרבעט, האָבן זיך באַרו־

איקט און די אַרבעט האָט אים אינגאַנצן באַצוואונגען, אויסגעפּילט זיינע טעג און נעכט.

נאָכן פאַרריכטן דעם אויטאָמאָביל האָט ער זיך גענומען צו אַרבעטן אויף דער אַלמנה׳ס, מרס. פּריטשעטס, נחלה. ער האָט פאַרזייט בלומען אַרום רעס־טאָראַן, אַרומגערייניגט אַ שטיק פּלאַץ לעבן רעסטאָראַן, אויסגערייניקט דאָס הויכע און ווילדע גראָז, אויסגעוואָרצלט ווילדע ביימלעך און צעאַקערט דעם גאַנצן שטח מיט אַ רידל. זיינע הענט האָבן געאַרבעט גרינג און ער איז נישט מיד געוואָרן. ער האָט אַפילו גענוצט דעם שוואַכן פוס און זיך אַליין געוואונ־דערט וואָס ער שפּירט נישט קיין ווייטיק.

אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיט צעאַקערן דעם באָדן, האָט ער אָנגעהויבן פּלאַנצן עפּל, ווײַנשל און אַפּריקאָסן־ביימלעך און אויך פאַרזייט טאָמאַטן־ און אוי־גערקע־קערלעך, מערן, קאַווענעס. דזשים האָט אַליין אָנגעקוואָלן פון זיין גערטנער־אַרבעט. נאָכדעם איז אים איינגעפאַלן, אַז עפּעס פעלט דאָ — אַ טיש מיט בענק. ער האָט באַלד אַוועקגעשטעלט אַ טיש צווישן די ביימלעך און די טאָמאַטאָ־ און אוגערקע־בייטן.

מרס. פּריטשעט האָט אַזש געוויינט פאַר שמחה, ווען זי האָט געזען דעם אָפּגערייניקטן און פאַרפלאַנצטן באָדן. אַ גאָרטן אָנשטאָט דער פריערדיקער וויסטעניש.

— אַך, ווען מיין דזשעק וואָלט געלעבט און דאָס געזען! — האָט זי געזאָגט מיט טרערן אין די אויגן. — ער האָט דאָך אַזוי ליב געהאַט אַ גאָרטן. ער האָט אַזוי ליב געהאַט דאָס לעבן, אָרעמער דזשעק!

איין טאָג האָט מרס. פּריטשעט צוגערופן דזשימין און צו אים גערעדט:

— דזשים, דאָס האַרץ זאָגט מיר, אַז אויב איך וועל בלייבן ביים רעס־טאָראַן, וועל איך נישט דערלעבן צו עסן די פרוכט פון גאָרטן וואָס דו האָסט פאַרפלאַנצט. איך קען נישט לעבן אָן דזשעקן. אַלץ דערמאָנט מיר אָן אים, אַפילו די טעפּ אין קיך. איך דריי זיך דאָ אַרום ווי אין אַ קאַשמאַר, אַלץ איז מיר פרעמד. איך מוז אַנטלויפן פון דאַנען.

דזשים האָט געפּרואווט טרייסטן די אַלמנה און נישט געהאַט גענוג ווערטער, און זי האָט נישט אויפגעהערט צו רעדן וועגן איר טרויעריקן לעבן.

— וואָס האָסטו געטאָן מיטן געלט, וואָס האָסט באַקומען פון אָנקל סעם, בעת האָסט געדינט אין דער אַרמיי, און ווען דו ביסט געלעגן אין שפּיטאָל?

— נענסי האָט דאָס געלט אַריינגעלייגט אין באַנק, — האָט דזשים גע־ענטפערט.

— קויף אָפּ מיין רעסטאָראַן. ס׳איז דער בעסטער פּלאַן. אַלע דריי, דו,

נענסי און סוזי, וועלכע קענען אַנפירן מיטן געשעפט. סיי ווי קאָן איך שוין גאָרנישט אויפטאָן. זאָל דאָס געשעפט בעסער זיין אייערס, איידער עס זאָל אַריינפאַלן צו פרעמדע. רעד זיך דורך מיט נענסין.

מרס. פּריטשעט האָט שוין דזשימין נישט אָפּגעלאָזט. זי האָט אים גע־האַלטן אין איין איינרעדן, ער זאָל ביי איר אָפּקויפן דעם רעסטאָראַן, אים פאַרזיכערט, אַז ער וועט זיך אויסטויגן, וועט ווערן אַן ערשט־קלאַסיקער קו־כער, און אַריינקריגן אַ סך קונים. זי האָט אים אויך געזאָגט, אַז ער וועט קאָנען אַריינגעמען די שוויגער פאַר אַן אַרויסהעלפערין, און ס'איז אַ גאָלדע־נע געלעגנהייט פאַר דער גאַנצער פאַמיליע. חוץ דעם, האָט זי געזאָגט, איז דאָס געשעפט ווי צוגעפּאַסט פאַר אים. ער קאָן דאָך מער נישט טרייבן דעם טראָק, זאָל ער נישט דורכלאָזן די געלעגנהייט, און זי האָט אים אָנגעבאָטן דעם רעסטאָראַן פאַר אַ צוגענגלעכן פּרייז.

דזשים האָט זיך געוואַקלט, נישט געקאָנט באַשליסן צי דער רעסטאָראַן טויג פאַר אים. ער איז נישט געווען זיכער, צי ער וועט זיך קאָנען באַשעפטיקן מיט אַזאַ שווערער ביזנעס, וואָס פאָדערט, חוץ קאָכן און באַקן, אויך פירן די בוכהאַלטעריע און איינקויפן און אויסגעבן. ס'איז צו ריזיקאַליש!

נענסי האָט אים דערמוטיקט. — ס'איז אַ גליקלעכע געלעגנהייט, — האָט זי גע'טענה'ט, און סיי ווי טוט זי אַליין די גאַנצע אַרבעט. זי פירט דאָס געשעפט זינט דזשעק פּריטשעט איז געשטאָרבן. נענסי האָט אים איינגע־רעדט, אַז אויב זיי קויפן דעם רעסטאָראַן וועט ער גאָרנישט דאַרפן שווער אַרבעטן.

סוזי איז אויך באַשטאַנען ער זאָל אָפּקויפן דאָס געשעפט, ווייל אויב נישט וועט זי פאַרלאָזן די פאַמיליע. זי וויל מער נישט וואוינען אין דעם צעלעכערטן הויז און אין דער אָרעמער נעגערשער געגנט, זי ווערט דאָ דער־שטיקט פון ענגשאַפט און פון שמוץ. אין רעסטאָראַן זענען די צימערן לופטיק און ריין, פאַראַן דאָ עלעקטרישע באַלייכטונג און דער שיינער גרוי־סער גאָרטן. פאַר וועמען האָט ער אים געפּלאַנצט, אויב נישט פאַר זיך אַליין און פאַר זיין פאַמיליע? און אַז מיר זענען נעגערס איז וואָס? אַז בסך־הכל איז זי שענער ווי די ווייסע געשמינקטע פרויען, וואָס באָדן זיך אין לוקסוס, און אויב זיי מעגן וואוינען אין רייכע הייזער, מעג זי און נענסי אויך וואוי־נען. מיר זענען ערלעכע אַרבעטנדיקע מענטשן און פאַרדינען אונדזער ברויט דורך אונדזער אַרבעט.

דזשים האָט געפרעגט דער שוויגער מערי, און יענע האָט גאָרנישט גע־ענטפערט. זיך נישט געוואָלט מישן. זי האָט בלויז אַריינגעוואָרפן, אַז ס'וואָלט

נישט געווען קיין שלעכטע זאַך, ווען מען באַראַט זיך מיטן רעווערענד דזשאַנסאָן.

— רעווערענד דזשאַנסאָן? — האָט סוזי אויסגעשריגן, — וואָס ווייסט דען דער גייסטלעכער וועגן געשעפט? ס'איז דאָך איר און דזשימס און נענסים געלט; וואָס טויג דיר דער רעווערענד מיט זיינע ברכות?

— פאַרמאַך דיין גרויס מויל! — האָט מערי געשריגן אויף איר טאָכ־טער, — עפּעס ביסטו מיר געוואָרן אַ גאַנצע חכמה און מיוחסת. דאָס גע־פעלט דיר נישט, יענץ געפעלט דיר נישט, דיר געפעלט נישט ווי מיר וואוי־נען? מיר געפעלן נישט דיינע שטיק, דיין איבערנעמען די מאַניערן פון די ווייסע. דו ווילסט לויפן, טאָכטער, לויף, אָבער ווייס, אַז פון זיך אַליין וועסטו קיינמאָל נישט אַנטלויפן. די ווייסע היימען וועלן בלייבן פאַרשלאָסן פאַר דיר און וועסט זיך אומקערן צוריק. איך האָב נאָר מורא אַז ס'וועט זיין צו שפּעט, ווייל דו וועסט זיך אומקערן אַ קראַנקע, אַ צעבראָכענע, אַן ארויס־געוואָרפענע . . .

סוזי האָט זיך צעכליפּעט, אָבער די מאַמע האָט נישט אויפגעהערט אַריינרעדן אין איר, זי זאָל זיך אַרויסשלאָגן די נאַרישע פאַנטאַזיעס פון קאָפּ . . .

דזשימס האָט זיך אַריינגעמישט און געזאָגט, אַז ער האָט שוין באַ־שלאָסן: ער קויפט אָפּ דעם רעסטאָראַן. ער וועט דאָרט וואוינען מיט נענסין, מיט דער שוויגער און שוועגערין און אויב סוזי וועט חתונה האָבן, וועט ער איר אויפבויען אַ הויז אין מיטן גאָרטן . . .

סוזי איז אַרויפגעפאַלן אויף אים און אים באַדעקט מיט קושן. די אַלטע מערי ווילסאָן איז געזעסן אין אַ ווינקל און געווישט אירע טרערן.

:: :: ::

די „גוטהאַרציקע" מרס. פּריטשעט וואָס האָט ערשט נישט לאַנג צוגע־רעדט דזשימין צו קויפן דעם רעסטאָראַן און זיך געשוואוירן, אַז זי מיינט בלויז זיין און נענסים טובה, האָט געהעכערט דעם פּרייז, ווי נאָר זי האָט געהערט, אַז דזשימס איז גרייט פאַר ביזנעס.

דזשימס האָט נישט געהאַט די מזומנים, האָט אים מרס. פּריטשעט גע־ראָטן צו נעמען אין באַנק אַ הלוואה אויף אַ מאָרטגעדזש. די באַנקירן זענען פּראַקטישע מענטשן און עס מאַכט זיי נישט אויס פון וועמען זיי באַקומען זייערע פּראָצענטן: אַ ווייסער, אַ נעגער, אַ כינעזער.

— גיי אַריין אין באַנק, וועסטו קריגן דעם מאָרטגעידזש, — האָט

מרס. פּריטשעט געזאָגט, — די געביידע אַליין איז ווערט דריי מאָל מער ווי דאָס געלט פון דער הלוואה, — האָט זי אים פאַרזיכערט.

דער באַנק־פּאַרוואַלטער האָט אויסגעפרעגט דזשימין וועגן אַלע איינצל־הייטן. וואו דער רעסטאָראַן געפינט זיך? ווי לאַנג האָט ער געדינט אָנקל סעמען?, און אים געהייסן קומען אַ פּאָר טעג שפּעטער, ווען ער וועט אים געבן זיין תשובה.

דער מענעדזשער האָט זיך אָנגעפרעגט ביי די בראַונס אין האַלץ־געשעפט, האָט אונטערזוכט די געביידע, דזשימס מלחמה־רעקאָרד, און פאַרזי־כערט דזשימין, אַז איצט ווענדט זיך אַלץ אין דער „באָארד אָוו דירעקטאָרס", וואָס וועט באַטראַכטן זיין ענין ביי דער קומענדיקער זיצונג, און ער האָפט, אַז לויט די רעקאָמענדאַציעס, וועט דער ענטפער זיין אַ פּאָזיטיווער. נאָר ווען דזשים איז נאָך דער זיצונג פון דער דירעקטאָרן־באָארד, געקומען צום מענעדזשער, האָט אים יענער געלאָסן דערקלערט, אַז מען האָט פאָרזיכטיק באַטראַכט דעם ענין און ליידער נישט באַוויליקט זיין פאַרלאַנג, ווייל...

— האָט ער שטיל געזאָגט, — ס׳איז דאָס ערשטע מאָל וואָס אַ נעגער ווענדט זיך נאָך אַ הלוואה אין דער באַנק . . . ס׳איז ריזיקאַליש.

דזשים האָט דערפילט אַ ברי אין זיינע אינגעווייידן . . . אַ נעגער! און דאָס וואָס איך האָב פאַרגאָסן מיין בלוט אויפן שלאַכטפעלד איז ביי זיי גאָרנישט, די גאָט־פאַרדאַמטע! — האָט ער געוואָלט זאָגן, נאָר ער האָט זיך איינגעהאַלטן.

— די טירן פון אונדזער באַנק זענען אַלעמאָל אָפן פאַר דיר, — האָט אים דער מענעדזשער העפלעך און געשעפטסמעסיק פאַרזיכערט, — מיר האַלטן דיין געלט און צאָלן דיר דעם פּראָצענט רעגלמעסיק. מיר זענען צו־פרידן צו מאַכן געשעפט מיט דיר. אויב דו וועסט קויפן דעם רעסטאָראַן און האָבן דערפאָלג, און וועסט זיך נויטיקן אין געלט, קום גלייך אַריין אַהער.

דזשימין האָט זיך געגלוסט אַ שפּיי טאָן אין דעם גלאַט־ראַזירטן פעטן פּנים פון דעם מענעדזשער, מיט די גרין־גלעזערנע אייגעלעך, אָבער מער ווי „יעס סער", האָט ער נישט געמורמלט. אַ דערשלאָגענער האָט ער זיך אַרויס־געשאַרט פון דער באַנק.

די „גוטהאַרציקע" מרס. פּריטשעט האָט אָבער דזשימין נישט פאַרלאָזן. זי האָט אים געגעבן אַ „מאָרטגעדזש" אויף די באַדינגונגען, וואָס אַן אַדוואָ־קאַט האָט אויסגעאַרבעט פאַר איר: ער מוז אויסצאָלן דעם חוב אין משך פון צוויי יאָר. יעדער דריי חדשים מוזן קומען די פּינקטלעכע צאָלונגען. ער וועט

צאָלן שטראָף פאַר יעדער אָפּגעלייגטער צאָלונג. דזשים האָט ווידער געביסן די צונג פאַר צאָרן און מער ווי „יעס סער" האָט ער נישט געזאָגט.

דזשים האָט אָפּגעקויפט דעם רעסטאָראַן, אַראָפּגענומען די שילד „פריטשעט" און אַרויפגעשטעלט אַ שילד מיט גרויסע בוכשטאַבן: „ביג דזשימס רעסטאָראַן".

די בלומען, וואָס ער האָט פאַרפלאַנצט, האָבן זיך צעבליט אין אַ רעגנ־בויגן פון קאָלירן. אינעווייניק איז געווען ריין און ציכטיק. פון קיך האָבן זיך געטראָגן די ריחות פון די געשמאַקע מאכלים. נענסי און סוזי האָבן געשוועבט גראַציעז און באַדינט די קאָסטימער. זיי האָבן רעדוצירט די פרייזן און סערווירט אַ צווייטע קאַווע אומזיסט . . .

נאָר די ווייסע געסט זענען ווייניקער געוואָרן פון וואָך צו וואָך. די הכנסה האָט זיך פאַרקלענערט און די פאַרדינסטן זענען איינגעשרומפּן געוואָרן. נאָך די ערשטע דריי חדשים האָט די פאַמיליע קוים אָפּגעשפּאָרט אויף צו מאַכן די ערשטע איינצאָלונג אויפן מאָרטגעדזש. און דזשים האָט געהאַלטן אין איין זאָרגן און זיך געבראָכן דעם מוח, וואו וועט ער נעמען פאַר דער צווייטער איינצאָלונג?

# פראָטעקציע...

ס'איז שוין געווען נאַכט. אין ווייסן טייל פון רעסטאָראַן איז געווען שטיל. דזשים האָט שוין נישט דערוואַרט קיין קונה און האָט געטראַכט וועגן אויסלעשן דאָס ליכט און צושליסן די טירן. מיטאַמאָל האָבן זיך אַריינגעשטעלט צוויי ווייסע, רייך־געקליידטע יונגעלייט, האָבן זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ טישל און באַשטעלט צוויי מאָלצייטן.

אָפּגעגעסן, האָבן זיי גענומען דעם חשבון פון סוזים הענט, אים באַטראַכט: — 2.50 דאָלער. איין יונגערמאַן האָט אַרויסגענומען אַ פינף־דאָלאַרדיקן און אַוועקגעלייגט אויף דעם טיש. ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט: — האַלט דאָס רעשט! — ער האָט אַ שמייכל געטאָן און איז אַוועק.

— האָסט שוין געזען אַזוינס? — איז סוזי צוגעלאָפן צו דזשימין — 2.50 דאָלער אַ „טיפּ". ווער זענען זיי? איך האָב זיי דאָ קיינמאָל נישט געזען.

— איך אויך נישט, — האָט דזשים געענטפערט, — ווייזט אויס רייכע חברה. ווער ווייסט? אפשר האָבן זיי געהאַט דאָס גרויסע געווינס אין קאָרטן.

— דעם „טיפּ" וועל איך באַהאַלטן פאַר מזל. אין די רייכסטע רעסטאָראַנען קריגט מען נישט אַזאַ סומע.

עטלעכע טעג שפּעטער זענען די צוויי ווידער געקומען און ווידער איבערגעלאָזן 2.50 דאָלער טרינק־געלט. צום דריטן מאָל האָבן זיי זיך, ווייזט אויס, שוין געפילט היימיש. זיי האָבן צוגערופן דזשימין צו זייער טישל, אים געהייסן ברענגען דריי גלעזער און אים געהייסן זיצן. זיי האָבן זיך פאָרגעשטעלט:

— איך בין ביל און דאָס איז דעני.

ביל האָט אַרויסגעצויגן אַ פלעשל פון קעשענע, אָנגעגאָסן די דריי גלעזער און אַ וואונק געטאָן צו דזשימין: — טרינק. ס'איז גוטער בראָנפן!

— אַ דאַנק! אָבער איר ווייסט דאָך: עס איז פאַרבאָטן, פּראָהיבישאָן. טאָמער כאַפּט מען מיך מיט דעם שאַרפן געטראַנק, שליסט מען דעם רעסטאָראַן.

— מאַך זיך נישט נאַריש, — האָבן זיי אַ לאַך געטאָן, — אין אַלע רעס־

טאַראַנעז פאַרקויפט מען בראַנפן. פּראָהיבישאַן איז א וויץ . . .

— די וואָס פאַרגינען זיך צו פאַרקויפן בראַנפן האָבן מסתמא גוטע פאַרבינדונגען.

— יאָ, אמת. די וואָס שטעלן צו דעם בראַנפן באַזאָרגן אויך די אייגנטימער מיט שויץ. פאַרשטייסט, דזשים, וואָס איך רעד צו דיר ? — האָט ביל א קוק געטאָן אויף אים, — די פירמע וואָס שטעלט צו דעם בראַנפן, גיט אויך די פּראָטעקציע, גיב נאָר א קוק דורכן פענצטער, דזשים !

דזשים איז צוגעגאַנגען צום פענצטער און זיך באַלד אומגעקערט.

— איך זע פּאָליציי זיצן אין א וואָגן.

— יאָ, ריכטיק, דאָס זענען אונדזערע פריינט, — האָט ביל גערעדט מיט א פעסטער שטים. — ווי עס זעט אויס, ביסטו ווייט פון צו זיין א מיליאָנער, דזשים, דעריבער ראָט מיר דיר זאָלסט באַשטעלן בראַנפן מיט דער גאַראַנטירטער פּראָטעקציע, און וועסט מאַכן געלט. ביזט א מזל׳דיקער נעגער, דזשים, אונדזער באָס איז איינגעפאַלן אַז דיין רעסטאָראַן געפינט זיך אין דער ריכטיקער געגנט. האָסט גאָרנישט פאַרוואָס מורא צו האָבן. אַלע טוען עס. איז, זאָג, ווען זאָלן מיר דיר צושטעלן עטלעכע קאַסטנס ? באַצאָלן וועסטו נאָכן פאַרקויפן.

— א דאַנק, — האָט דזשים געזאָגט שטיל, — איך האָב מורא צו מאַכן אַזעלכע ביזנעס. די ווייסע קענען זיך דערלויבן, נאָר נישט איך, ס׳איז צו א גרויסער לוקסוס פאַר מיר . . .

— איך פאַרשטיי נישט וואָס דו רעדסט, דזשים, — האָט דער ווייסער ביל נישט אָפּגעלאָזן, — אויב מירן דיר צושטעלן די סחורה, דאַרפן מיר דאָך גאַראַנטירן, אַז גאָרנישט וועט פּאַסירן. ס׳איז דאָך אונדזער סחורה. מיר זענען שויין, אַז אַלע רינגעלעך אין אונדזער קייט זאָלן זיין פעסט גע־שמידט.

— סער, דיינע רייד קלינגען זייער לאָגיש, נאָר איך האָב זיך מורא אָנ־צוהייבן . . .

— דזשים, זיי וויסן, — האָט ביל גערעדט געלאַסן, — אַז מיין באָס האָט נישט ליב קיין עקשנים. אים זאָגט מען נישט אָפּ. באַטראַכט זיך. מאָרגן וועלן מיר דיר טעלעפאָנירן, נאָר געדענק, אַז דער ענטפער מוז זיין א פּאָ־זיטיווער.

די צוויי האָבן זיך אויפגעהויבן, זיך געלאָזט צו דער טיר און זיך אומ־געקערט :

— נאָך עפּעס, דזשים. האָסט, דאַכט זיך, א מאַרטגערדזש פון טויזנט

דאָלער. וועלן מיר דיר ברענגען אַ טויזנטער, און אויב דו שטימסט איין צו נעמען די סחורה איז דער טויזנטער דיינער . . .

— פון וואַנען ווייסט איר וועגן מיין מאַרטגעדזש? — האָט דזשים אַ ציטער געטאָן.

— מיר ווייסן אַלץ וועגן דיר, — האָבן ביידע געשמייכלט, — מיר ווייסן וועגן דיין אַרמיי־רעקאָרד, וועגן דיין פאַמיליע. מיר טוען נישט קיין ביזנעס מיט אַבי־וועמען. פאַרלאָז זיך אויף אונדז. הכלל, מאָרגן טעלעפאָנירן מיר דיר.

ווען זיי זענען אַוועק האָט דזשים אויסגעלאָשן דאָס ליכט און געלאָזן אַ קליין לעמפּעלע ברענען אויף אַ גאַנצער נאַכט.

— וואָס האָסטו דאָרט אַזוי לאַנג גערעדט מיט די געסט און פאַרוואָס ביסטו צעטומלט? — זענען נענסי און סוזי צוגעקומען צו אים.

דזשים האָט זיי דערציילט וועגן שמועס מיט די צוויי רייכע געסט.

— אויב די רייכע ווייסע רעסטאָראַן־אייגנטימער מעגן, מעגן מיר אויך, — האָט סוזי קאַלטבלוטיק געזאָגט, — אויב מען איז זיכער מיט פּראָטעקציע און מען קען פאַרדינען געלט, זע איך נישט קיין שום אורזאַך פאַרוואָס מען זאָל אָפּוואַרפן אַזאַ געלעגנהייט.

— טו ווי דו פאַרשטייסט, דו ווייסט בעסער, — האָט נענסי שטיל געזאָגט.

אַ טאָג שפּעטער, ווען ער האָט געהערט בילס שטים אויפן טעלעפאָן, האָט דזשים אים געלאָזט וויסן, אַז ער האָט זיין ערשטן באַשלוס נישט געביטן: ניין!

— ביסט אַן עקשן און דערצו נישט קיין פּראַקטישער ביזנעס־מענטש, — האָט אים ביל געענטפערט פון יענער זייט ליניע. — מיר האָבן נישט ליב קיין עקשנים.

— אפשר ביזטו גערעכט. אָבער . . . מיין ענטפער איז דער זעלבער.

— וועסט שוין ווייכער ווערן! — האָט ביל געזאָגט און אויפגע־האַנגען דאָס טעלעפאָן־טרייבל.

סוזי איז פּלוצים פאַרשוואונדן, ווי אין וואַסער אַריין. זי איז יענעם אָוונט אַרויסגעגאַנגען אויף אַ שפּאַציר און איז שוין נישט צוריקגעקומען. עס זענען פאַרביי גאַנצע צוויי מעת־לעת און — נישטאָ סוזי.

— זי האָט טאַקע אויסגעפירט אירס, — האָט די אַלטע מערי מיט ביטערקייט אין קול געזאָגט, — זי איז פאַרריקט, די טאָכטער מיינע. וואָס האָט איר דאָ געפעלט? און וואו וועט זי האָבן אַ גרינגער לעבן? אַוועקגעגע־

פליִען, האָ? כ׳האָב מורא, אַז זי וועט זיך אָפּברענען די פליגל, און וועט האָבן אַ ביטערן סוף.

דזשים און נענסי האָבן דערביי פאַרביסן געשוויגן, און ס׳איז שווער געווען צו זאָגן צי זיי זענען מסכים מיט דער אַלטער.

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט זיך סוזי אַריינגעשטעלט און געלאַכט אויפן קול אָן אויפהער:

— איך האָב געהאַט אַ וואונדערבאַרע וואַקאַציע, שוין איינמאָל אַ וואַקאַציע, — האָט זי דערציילט און נישט אויפגעהערט צו לאַכן, — צוויי יונגען האָבן מיר פאַרבונדן דאָס מויל און מיך אַריינגעטראָגן אין אַ גרויסן אויטאָמאָביל.

— ווייסע יונגען? — האָט נענסי אויפגעציטערט.

— ווייסע, ווי דען? און זיי האָבן מיך אַריינגעבראַכט אין אַ הויז, אַ פּאַלאַץ! די טירן און די פענצטער — פאַרריגלט. די גאַנצע צייט איז אַ ווייסע פרוי נישט אָפּגעטראָטן פון מיר. זי האָט מיר סערווירט גוטע מאָלצייטן און איך בין געשלאָפן אין אַ ריין באַקוועם בעט. די גאַנצע צייט האָבן מיר געשפּילט די וויקטראָלאַ. איך געדענק שוין נישט ווי לאַנג דאָס האָט גענומען. וויפל איז דער זייגער? — צוועלף! — מיט אַ שעה פריער, אפשר ווייניקער ווי מיט אַ שעה, האָט מען מיך אויפגעוועקט און מיך אַריינגעזעצט אין אויטאָמאָביל און אָט בין איך דאָ, ווי איר זעט, די זעלבע סוזי — כאַ־כאַ־כאַ!

דער טעלעפאָן האָט זיך צעקלונגען. דזשים האָט אַראָפּגענומען דאָס טרייבל.

— דזשים?

— יאָ, ווער רעדט?

— סוזי איז דאָ אין דער היים?

— יאָ!

— דאָס צווייטע מאָל, זיי זיכער, וועט זי שוין נישט אַהיימקומען, און וועסט זי שוין מער נישט זען ביי דיין לעבן. מיר וועלן אויך „איינלאַדן" דיין ווייב נענסין; מיט אונדז, דזשים, שפּילט מען זיך נישט, פאַרשטאַנען?

— וואָס ווילסטו?

— דו ווייסט נאָך אַלץ נישט וואָס איך וויל? וואָס מאַכסטו זיך טאַמעוואָטע? אַנדערע וואָלטן זיך געפילט גליקלעך, און וואָלטן זיך אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט אין אַזאַ אָנבאָט, אין אַזאַ גאָלדענער געלעגנהייט, און דו פלאָפּלסט נאַרישעוואַטע, אַז האָסט מורא! פאַר וועמען האָסטו מורא? דו, טיפּש, די גאַנצע פּאָליציי איז דאָך מיט אונדז! מיר זענען גוטע ברידער

מיטן גאַנצן „פּאָליס־דעפּאַרטמענט״, הער אויף מיט דיין עקשנות, ווייל וועסט ביטער חרטה האָבן.

— זאָג בילן ער זאָל אַריבערקומען.

— אָט אַזוי רעדסטו ווי אַ קלוגער מענטש . . .

# 11

# סוזיס גרינג „האָבן"...

ביג דזשימס רעסטאָראַן האָט אויפגעלעבט. אַלע טישלעך זענען יעדן אָוונט באַזעצט געוואָרן. דער זאַל פֿאַר די ווייסע איז געווען פֿול מיט מענער און פֿרויען, וואָס האָבן ווייניק געגעסן און אַ סך געטרונקען. דזשימס פּראָפֿיטן זענען געוואַקסן ווי אויף הייוון...

ס'איז שוין געווען שפּעט. דזשים האָט נאָר וואָס פֿאַרשלאָסן די טירן. עמעצער האָט געקלאַפּט אין דער טיר. ער האָט געעפֿנט און אויפֿן שוועל איז געשטאַנען אַ מיטל־יאָריקער מאַן. ער איז אַריין אינעווייניק, געוויזן זיין צייכן און זיך צערעדט:

— איך בין דזשאָזעף מעקאַרטי, הויפּט פֿון דעם דעטעקטיוון ביוראָ, און איך בין געקומען דיך וואָרענען: זיי פֿאָרזיכטיק, דזשים. געזעץ איז געזעץ, און מען דאַרף היטן אַ געזעץ. מיר זענען קעגן געזעצן, וואָס באַרויבן די בירגער פֿון זייער פֿרייהייט. היינט דערלויבט מען נישט טרינקען בראַנפֿן, מאָרגן — עסט נישט קיין עפּל־סאָס, און איבערמאָרגן — שלאָפֿט נישט מיט אייערע ווייבער. אָבער געזעץ איז — געזעץ. וואָרן איך דיך, זיי פֿאָרזיכטיק; רייס נישט אויף די אויגן. זעסט אַז איינער האָט גענומען אַביסל צופֿיל, גיב אים מער נישט. טאָמער מאַכט ער אַ טומל, רוף מיך אָפּ. דאָ האָסטו מיין טעלעפֿאָן־נומער. זיי פֿאָרזיכטיק און געדענק: געזעץ איז געזעץ! האָב מיר אַ גוטע נאַכט...

אַלע דריי, דזשים, נענסי און סוזי האָבן געאַרבעט לאַנגע שעה'ן. פֿון אירע שכירות — 25 דאָלער אַ וואָך — און פֿון די היפּשע „טיפּס" האָט סוזי געהאַט גענוג געלט אויף צו קויפֿן שיינע קליידער, גילדענע רינגלעך, בראַסלעטן און אַנדערע באַפּוצונגען. אויך דאָס פּאָרל, דזשים און נענסי, זענען געגאַנגען אָנגעטאָן אָנשטענדיק און האָבן געקויפֿט אַ נייעם אויטאָמאָביל. דעם אַלטן „פֿאָרדל" האָט ער געשענקט זיין גוטן פֿריינט דזשאָזעף.

סוזי האָט אָנגעהויבן פֿאָדערן דזשים זאָל האַלטן זיין צוזאָג און איר אויפֿבויען דאָס הויז לעבן גאָרטן. אַ צוזאָג איז אַ צוזאָג, און מען דאַרף אים האַלטן, — האָט זי גע'טענה'ט, און אים געגעבן אָנצוהערן, אַז מען דאַרף איר דאַנקען פֿאַרן גאַנצן פֿאַרמעגן. זי איז געווען די איינציקע, וואָס האָט אים געגעבן די גוטע עצות.

— איך וועל דיר בויען אַ הויז, ווי איך האָב צוגעזאָגט, נאָר דאַן ווען וועסט חתונה האָבן מיט דיין גלייכן, — האָט דזשים געזאָגט סוזין, — דו

הער זיך אויף אַרומצושלעפּן מיט לאַרי בראַון, האָב חתונה מיט איינעם פון אונדז, וועסטו קריגן דאָס הויז.

— לאַרי איז אַ פּרינץ, אַ ווייסער פּרינץ, דזשים, — האָט זיך סוזי גע־חנ׳דלט. ער איז דער שענסטער בחור אין דער געגנט, און איך האָב אים ליב . . .

— אָבער לאַרי וועט מיט דיר קיינמאָל נישט חתונה האָבן. ער וועט הייראַטן אַ ווייסע.

— דאָס וועלן מיר נאָך זען. דו האַלט וואָרט, און בוי מיר דאָס הויז. אויב דו ווילסט וועל איך דיר געבן אַ העלפט געלט.

זי האָט אים אַזוי לאַנג געמאַטערט, אַז ס׳איז אים נמאס געוואָרן, און ער האָט איר אויפגעבויט אַ באַנגאַלאָ לעבן גאָרטן. די באַנגאַלאָ האָט געהאַט אַ גרויסן צימער מיט אַ קיך. סוזי האָט דאָרט אַריינגעשטעלט שיינע מעבל, אויפגעהאַנגען פאָרהענגלעך און באַצירט די ווענט מיט בילדער. זי האָט די הילצערנע הייזקע אַ נאָמען געגעבן „סוזיס טריאומף״.

— אַ דאַנק גאָט, פּטור געוואָרן פון אַן אַנשיקעניש, — האָט נענסי גע־זאָגט אין שפּאַס, — איצט וועט כאָטש זיין שטיל אין הויז. זי האָט דאָך אונדז שיעור משוגע געמאַכט מיט אירע רייד. דאָס איז שוין איינמאָל אַ מויד, אַזאַ עקשנ׳טע, אַז זי שפּאַרט זיך איין מוז זי אויספירן.

— נענסי, מען קאָן צו איר קיין טענות נישט האָבן. זי אַרבעט אַזוי שווער, זאָל זי האָבן איר אייגן ווינקל.

— דזשים, דו האָסט אַ גאָלדן האַרץ. איך הייב אָן טראַכטן, אַז איך האָב נישט געמאַכט קיין טעות וואָס איך האָב איינגעשטימט דיך צו נעמען פאַר אַ מאַן . . .

נענסי האָט שטאַרק ליב געהאַט איר דזשימין. אַרויפגעקוקט צו אים און באַוואונדערט וואָס אַפילו די ווייסע האָבן פאַר אים דרך ארץ. טאָמער איז דזשים אַוועק האָט נענסי געבענקט נאָך אים. זי האָט נישט געקאָנט זיין אַן אים קיין צען מינוט. אָפט איז זי אַריינגעלאָפן צו אים, אין דער ווייסער אָפּטיילונג, אָדער אין קיך, און פּלעגט אים האַלדזן און קושן.

— אַ גליקלעך פּאָרל, — האָבן אַלע שכנים געזאָגט און צוגעגעבן: — מזל׳דיקע נעגערס!

נאָר אינגאַנצן גליקלעך איז נענסי נישט געווען. זי האָט געבענקט נאָך אַ קינד. וואָלט זי געהאַט אַ זונעלע, וואָלט זי געווען די גליקלעכסטע אויף דער וועלט! פון גאַרעניש נאָך אַ קינד האָט איר גאַנצער קערפּער אָפט אויפ־געציטערט און האָט זיך געצויגן צו דזשימין ווי אַ פלאַנץ צו דער זון. זי האָט

נישט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס דזשים, אַזאַ געזונטער און נאָרמאַלער מענטש, וואָס קאָן אָפּטאָן די שווערסטע אַרבעט, און נאָכדעם זינקען אין אַ געזונטן שלאָף, זאָל זי נישט קאָנען באַגליקן מיט אַ קינד, ווי אַלע אָרעמע נע־גערס. נישט אַנדערש זי איז פאַרשאָלטן פון גאָט . . . זאָל עס זיין אַז ער, דזשים, וועמען די דאָקטוירים באַוואונדערן, ווי שנעל ער איז איבערגעקומען די מלחמה־וואונדן, איז גאָר אומפּעאיק ווי אַ מאַן . . . נאָר אפשר איז זי די שולדיקע? וואָס זאָל דאָך זיין די אורזאַך?

נענסי האָט געפאָלגט די עצות פון דער אַלטער מערי. זי האָט געגעסן די קרייטעכצער, וואָס מערי האָט אויסגעקאָכט, געטרונקען די ביטערע זאַפט און דערלאַנגט דזשימין דעם זעלבן מאכל און געטראַנק. דזשים האָט זיך פאַרקרימט און געמוזט איינגעמען די רפואה מיט געוואַלד, נאָכגעגעבן נענסין. נאָר די קרייטעכצער האָבן נישט געהאָלפן.

דזשים האָט אָנגעהויבן טראַכטן וועגן איבעררעדן מיט נענסין, זיי זאָלן אַדאָפּטירן אַ קינד, נאָר ער האָט אָפּגעלייגט צו רעדן וועגן דעם מיט איר, גע־וואַרט נענסי זאָל אַליין פאַלן אויף דעם געדאַנק. נאָך אַלעמען זענען זיי נישט בעסער און נישט ערגער פון אַנדערע נעגערשע פאַמיליעס, וואָס האָבן אַדאָפּ־טירט פרעמדע קינדער.

מיטאַמאָל האָט עפּעס פּאַסירט און די הילף איז געקומען פון דער איי־גענער פאַמיליע. דזשים און נענסי זענען באַפרייט געוואָרן פון זייערע זאָרגן. אמת מזל׳דיקע נעגערס . . .

אין אַ שיינעם טאָג האָבן ביידע באַמערקט, אַז סוזיס קערפּער איז פולער און רונדיקער געוואָרן, און זי האָט געמאָסטן אירע טריט, ווי עס פּאַסט פאַר איינער, וואָס ריכט זיך צו ווערן אַ מוטער . . . ווי נאָר זיי האָבן סוזין אויפ־מערקזאַם געמאַכט אויף דער אַנדערשקייט, האָט סוזי אויסגעבראָכן אין אַ הילכיקן געלעכטער.

— ביז איצט האָט איר גאָרנישט באַמערקט, איר קוקט זיך גאָרנישט אום אויף מיר, ווי איך וואָלט געוועזן אַ פרעמדע, — האָט סוזי געשטיקט איר גע־לעכטער, — ס׳איז דאָך שוין דער פינפטער מאָנאַט און איר האָט איצט אויס־געפונען, מבינים . . . אַ דאַנק פאַר דער אויפמערקזאַמקייט.

פון יענעם טאָג אָן האָבן שוין דזשים און נענסי אַכטונג געגעבן אויף סוזין, זי געהיט ווי אַן אוצר און געזען זי זאָל נישט טאָן קיין שווערע אַר־בעט, זיך נישט אויפרעגן. זיי האָבן געוואַרט מיט אומגעדולד אויף דער גליק־לעכער שעה.

סוזין איז דאָס „האָבן" צוגעגאַנגען גרינג. זי האָט געבוירן אַ ייִנגעלע און דעם דריטן טאָג איז זי שוין געווען אויף די פיס . . .

— געראָטן אין דער מאַמען, — האָט מערי ווילסאָן געזאָגט, — מיר איז אויך אָנגעקומען גרינג צו האָבן קינדער . . .

— ווי שיין ער איז ! — האָט נענסי אָנגעקוקט דאָס נפש'ל, און אים געריזמט פאַר דזשימין און צו דער מאַמען, — אין וועמען איז ער געראָטן ?

— אין מיר ! — האָט סוזי געענטפערט מיט שטאָלץ.

— ניין, ער איז ליכטיקער ווי דו, — האָט נענסי געזאָגט.

— ביסט זיכער אין דעם ?

— יאָ !

אין הויז האָבן אַלע געוואוסט, אַז לאַרי בראַון איז דער פאָטער פון סוזיס קינד, אָבער קיינער האָט וועגן דעם נישט גערעדט. דעם ייִנגל האָט מען אַ נאָמען געגעבן לאַרי־דזשים בישאָפּ. שטילע וואַרימע פרייד האָט געקוועלט אין דזשימס הארץ, און די פרויען האָבן קאָנקורירט מיט זייער ליבשאַפט צו דעם נייעם צוגאָב צו זייער פאַמיליע.

## 1

# קראַך אויף וואָל־סטריט

טעג זענען שנעל געלאָפן, וואָכן זענען פאַרשוואונדן און די חדשים האָבן אַרויסגעשטופּט איינער דעם צווייטן, אין גרויס איילע־ניש. יאָרן האָבן זיך געקייקלט ווי שטיינער פון אַ שפּיץ באַרג אין טיפן טאָל, און די פרייליכע טעג זענען פאַרשלונגען געוואָרן אין ים פון אומעטיקע יאָרן.

די עטלעכע יאָרן פּראָספּעריטי האָבן זיך אַראָפּגעקייקלט און עס איז אָנגעקומען דער קריזיס. וואָל־סטריט האָט געקראַכט, פירמעס האָבן אָנגעזעצט, די בענק האָבן באַנקראָטירט, און פאַבריקן, גרויסע און קלענערע, האָבן זיך פאַרמאַכט. דער קריזיס האָט זיך געטראָגן איבערן רייכ־סטן לאַנד פון דער וועלט ווי אַ שטורעמווינט און האָט אומעטום פאַרזייט חורבן. מיליאָנען אַרבעטלאָזע, הונגעריקע מענער, פרויען און קינדער. עס האָבן זיך געמערט די זעלבסטמאָרדן. צום ערגסטן איז די נעגערשע באַפעל־קערונג געטראָפן געוואָרן פון דעם קריזיס.

צווישן די אויסנאַמען, די מער־גליקלעכע נעגערס, וואָס האָבן נישט גע־הונגערט און געהאַט אַ דאַך איבערן קאָפּ און אַ קלייד אָנצוטאָן, זענען געווען די גליקלעכע בישאָפּס.

די הכנסה אין רעסטאָראַן איז געפאַלן אין די קריזיס־יאָרן, ווייניקער מענטשן זענען געקומען עסן און טרינקען, און דזשים האָט קיין געלט נישט געקאָנט אָפּשפּאָרן, אָבער גענוג אויף אויסצוקומען און לעבן מער־ווייני־קער באַקוועם האָט ער געקאָנט.

דער יינגער לאַרי איז אויסגעוואָקסן אַ שיינער און הויך־וואוקסיקער מולאַט. ער האָט זיך גוט געלערנט אין סקול און מען האָט באַוואונדערט זיין אויסזען: געדיכטע שוואַרצע האָר, אַ גאָלדענער הויט־קאָליר און לעבעדיקע אויגן.

דער עקאָנאָמישער קריזיס האָט זיך געשניטן אַלץ טיפער און טיפער און געזייט נויט און הונגער איבער אַלע שטאָטן. אומעטום האָט געהערשט פאַר־צווייפלונג, נאָר מער פון אַלע האָבן געליטן די אָרעמע נעגערס. זייערע אַלטע

כאַטעם זענען צעפּאַלן געוואָרן און פּאַראָמערטע האָבן זיי אויף די גאַסן געבעטן אַ שטיקל טרוקן ברויט.

אין דעם גאָלדענעם לאַנד, אין דער היים פון די „פרייע און בראַווע" האָבן בלייענע קוילן געלעכערט די קערפּערס פון מלחמה־וועטעראַנען אויף די טרעפּ פון ווייסן הויז אין וואַשינגטאָן. זיי האָבן געבעטן ברויט און מילך פאַר זייערע קינדער און געקראָגן — בליי. דאָס איז געווען אַ גרויליק קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון די פאַריייניקטע שטאַטן.

און פון „ציוויליזירטן" לאַנד, דייטשלאַנד, דאָס לאַנד פון „דיכטער און דענקער", האָט זיך געהערט דאָס רעווענדיקע קול פון דער אוראַלטער חיה אין מענטשן־געשטאַלט — דער קאָרפּאָראַל היטלער. אויף די גאַסן פון דייטשלאַנד האָבן די נאַצישע זין אין ברוינע העמדלעך, מאַרשירט ווי ווילדע, בלוטדורשטיקע וועלף; זיי האָבן געוואָרפן ביכער אויף אָנגעצונדענע שייטערס, געשאָכטן יידן, געפּלינדערט יידיש האָב און גוטס און זייערע קאַניבאַלישע אויסרופן: טויט די יודען, סאָציאַליסטן, קאָמוניסטן! — האָבן געשפּאָלטן די הימלען.

מיטאַמאָל האָט אין די פאַריייניקטע שטאָטן אויפגעשטראַלט אַ ליכט פון האָפענונג. מיליאָנען אַרבעטלאָזע, פאַרמאַטערטע פון הונגער, האָבן זיך אָנגעהויבן זאַמלען אַרום דער פאָן פונעם ניי־דערוויילטן פּרעזידענט, פרענקלין דעלאַנאָ רוזוועלט. זיי האָבן באַגייסטערט זיין עקאָנאָמישן פּראָגראַם, „נייער דיל". די אין שמאַטעס־אָנגעטונענע מאַסן, די אײנוואוינער פון די סלאָמס, און די הונגעריקע, האָבן אָנגעהויבן האָפן, אַז ער, רוזוועלט, וועט אַרויסראַטעווען דאָס לאַנד פון דעם וואַקסנדיקן צער און צאָרן און ברענגען הילף צו די אַלע קרבנות פון קריזיס.

איינע פון די ערשטע געזעצן וואָס זענען אָפּגעשאַפט געוואָרן אין די ערשטע יאָרן פון „ניו דיל" איז געווען פּראָהיבישאָן. נישט געקוקט אויף די פּראָטעסטן פון די היפּאָקריטישע פרומאַקעס, און דער רייך־געוואָרענער, מעכטיקער אונטערוועלט פון די בראָנפן־פאַבריקאַנטן, וואָס האָבן פאַרשפּרייט זייער נעץ פון „אונטערערדישע טרינק־הייזער" — איז דער געזעץ דאָך אָפּגעשאַפט געוואָרן און די לעגאַלע ביר־ און וויין־סאַלונען האָבן אָנגעהויבן וואַקסן איבער נאַכט, ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן.

ביג דזשימען, וואָס האָט געהאַט אַ סך פריינט און אַ גוטן רעקאָרד, איז נישט אָנגעקומען שווער צו קריגן אַ דערלויבעניש צו עפענען אַ סאַלון. צו דער שילד פון „ביג דזשים רעסטאָראַן" איז שוין צוגעשמידט געוואָרן נאָך אַ שילדל: „ביג דזשימס סאַלון". אינעווייניק איז געשטאַנען אַ לאַנגער און

שמאָלער הויכער טיש פון גלאַט־פּאָלירטן מאַהאָגאַני־האָלץ, באַשטעלט מיט פולע פלעשער פאַרשידענע געטראַנקען: וויסקי, ראַי, סקאָטש, ראָם, קאָניאַק, בוירבאָן. די גלעזערנע שאַפעס זענען געווען פול מיט פאַרשידענע משקאות.

לאַרי דזשים האָט נאָך דער סקול אַרויסגעהאָלפן אין געשעפט. ער איז געוואַקסן ווי אויף הייוון.

— ביסט שוין ווידער אַרויסגעוואַקסן פון דיינע הויזן, און פון דיינע העמדער. ס'איז גאָרנישט אויסצוהאַלטן. יעדע וואָך ווערן זיי ענג, — האָט זיך נענסי געקלאָגט פאַרן זון, — מען דאַרף האָבן די קעשענעס פון אַ מאַגנאַט דיך צו קליידן . . .

— מיין זיסע מאַמעלע, וואָס קאָן איך טאָן? אפשר אויפהערן וואַקסן, אָדער גאָר אַרומגיין אָן הויזן? — האָט לאַרי־דזשים זיך געוויצלט.

— וואַקס, וואַקס שנעלער, ווען סטו קאָנען טראָגן דעם טאַטנס זאַכן, — האָט נענסי אים אַ גלעט געטאָן.

— גוט, איך נעם אָן דיין פאָרשלאַג, מאַמעלע. איך וועל אונטערוואַקסן נאָך עטלעכע אינטשעס, כדי דעם טאַטנס קליידער זאָלן ליגן גוט אויף מיר. נאָר ביסט דען זיכער, אַז דער טאַטע וועט מיך לאָזן טראָגן זיינע קליידער?

— נאַרישער לאַשעק! דיין טאַטע וועט דיר אַפילו אַוועקגעבן זיין האַרץ און נשמה.

— אויב אַזוי דאַרפסטו מיר געבן מער עסן וועל איך שנעלער אונטער־וואַקסן . . .

נענסי האָט זיך צעלאַכט: — ביסט געראָטן אין דיין טאַטן, — האָט זי געזאָגט. — איר ביידע האָט שוין איינמאָל אַן אַפּעטיט, איר קענט אויפעסן אַ גאַנצן אָקס מיט די הערנער . . .

נאָכדעם ווי לאַרי־דזשים האָט פאַרענדיקט די עלעמענטאַר־שול, האָט דזשים מיט אים געהאַט אַן ערנסטן געשפּרעך וועגן זיין, לאַרי־דזשימס, צו־קונפט.

— אויב דו ווילסט שטודירן, וועל איך דיך מיט פאַרגעניגן אויסהאַלטן. עס וועט דיר גאָרנישט פעלן. מיין מיינונג איז דו זאָלסט פאָרזעצן לערנען אין הייסקול און נאָכדעם אין קאָלעדזש. אַ געלערנטער מענטש פאַרנעמט אַ בכבוד'יק פּלאַץ אין דער געזעלשאַפט.

לאַרי־דזשים האָט געטראַכט און געענטפערט:

— וואָס וועל איך אויפטאָן מיט מיין געלערזאַמקייט? און אַז איך וועל שוין קריגן אַ קאָלעדזש־דיפּלאָמע, ווערן, לאָמיר זאָגן, אַן אינזשעניר, וואו וועל איך קריגן אַ שטעלע? אָדער אַז איך וועל ווערן אַ דאָקטער, אָדער אַ

לאַיער, וועט דען עמעצער קומען צו מיר אין אָפּיס? אַפּילו פּאָר גאַסן־ריינ־קער נעמט מען נאָר די ווייסע. איך ווייס די מערכה פון אַ נעגער אין דעם לאַנד. ס׳האָט נישט קיין זינען וועז מען נאַרט זיך אַליין אָפּ.

— אויב אַזוי, וואָס ווילסטו טאָן, אפשר ווילסטו זיך אויסלערנען אַ פּאַך, אפשר א ראַדיאָ־טעכניקער, אָדער אַן עלעקטריקער. איך קאָן וועגן דעם רעדן צו מיינע ווייסע פריינט.

— ניין, איך וועל בעסער אַרבעטן אין דיין סאַלון. מען רופט דיך ביג דזשים און ווערסט רעספּעקטירט פון די ווייסע און די נעגערס. מען האַלט דיך פאַר אַ גוטן און פּעאיקן געשעפטסמאַן. איך ווייס, אַז ביסט שטענדיק גרייט צו העלפן אַ קראַנקן, אַ נויטליידנדיקן, האָסט בייגעשטייערט פאַרן שפּיטאָל און יתומים־הויז, און פאַר דער קירך. איך וויל טאָן וואָס דו טוסט.

— ווי דו ווילסט, מיין זון. קאָנסט אַרבעטן אין סאַלון, און אַז די צייט וועט קומען וועל איך אָנשרייבן מיט גרויסע אותיות: „ביג דזשימס און לאַרים סאַלון”.

מונטער און לעבעדיק האָט זיך דזשים־לאַרי אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט אין סאַלון. די געסט האָבן אים ליב באַקומען. ער איז געוואָרן אַ געזעצטער און דערוואַקסענער מענטש.

לאַרי־דזשים האָט אָרגאַניזירט אַ קלוב פון „טרו פרענדס” (איבערגעגע־בענע פריינט) און איז דערוויילט געוואָרן פּאָרזיצער פונעם קלוב. צום קלוב האָבן אָנגעהערט זיינע שול־חברים און חבר׳טעס.

מען פלעגט איינלאַדן אין קלוב געלערנטע נעגערס, וואָס האָבן געהאַלטן לעקציעס איבער וויכטיקע סאָציאַלע פראַגן, וועגן דעם נעגער־פּראָבלעם אין לאַנד, וועגן דער געפאַר פון וואַקסנדיקן נאַציזם און אַז. וו. לאַרי־דזשים האָט זיך געמאַכט אַ נאָמען מיט זיינע לאָגישע אַרגומענטן, מיט זיין רעדנער־טאַ־לאַנט און באַהאַוונטקייט.

לאַרי־דזשים פלעגט לייענען אַלע צייטונגען און זשורנאַלן, וואָס ער האָט געקראָגן. ער פלעגט שטענדיק ציטירן די מיינונגען פון אויטאָריטעטן, זיך באַוואָפענען מיט פאַקטן און אַרגומענטן פון די וואָרט־זאָגער. עס האָבן אויך נישט געפעלט אין קלוב קיין „סאָשל אַפעירס”, סאָציאַלע פּאַרטיס, שמחה׳לעך. יוגנט פלעגט ברענגען פלעשער בראָנפן, שפּילן אויף די גיטאַרעס און טאַנצן און זינגען ביזן ווייסן טאָג אַריין. לאַרי־דזשים אַליין איז געווען דער בעס־טער טענצער, און אַלע האָבן אים ליב געהאַט.

לאַרי־דזשים איז אויך געווען פּאָליטיש באַוואוסטזיניק. ער האָט גע־שאָלטן מוסאָליניז, וואָס איז באַפאַלן דאָס שוואַכע פּאָלק פון עטיאָפּיע און

האָט געטראָגן אַ שנאה אויפֿן אַמעריקאַנער קו־קלוקס־קלען. זיין באַליבטער העלד איז געווען פּרעזידענט פֿרענקלין ד. רוזוועלט. ער האָט געקענט דעם פּרעזידענטס רעדעס אויף אויסנווייניק, האָט אימיטירט זיין שטים און זיין מימיק מיט גרויס טאַלאַנט. אַז ער האָט געהאַלטן אַ רעדע אין קלוב, איז די רעדע געווען אַ מוסטער פֿון קלאָרער אַנאַליטיק און שאַרפֿזיניקייט. מערסטנס האָט ער פֿאַרטייטשט פֿאַר די צוהערער די הויפּט־מאָמענטן און די וויכטיק־סטע טיילן פֿון רוזוועלטס אַ רעדע און איז דערביי אַריינגעפֿאַלן אין גרויס התפּעלות פֿאַר דעם גרויסן פּרעזידענט רוזוועלט. זיין טאַטע, דזשים, האָט אָנ־אַנגעקוואַלן פֿון דעם זון, וואָס קאָן זיך פֿונאַנדערקלייבן אין די קאָמפּליצירט־סטע ענינים.

ביז דזשים האָט געגעבן היפּשע סומעס געלט פֿאַר די קאַמפּעינס פֿון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, געטאָן האָט ער דאָס ווייל ער האָט נישט געקאָנט אָפּזאָגן די פֿאַרשידענע פּאָליטישנס, וואָס פֿלעגן קומען צו אים נאָך די געלט־ביישטייערונגען, און ווייל ער האָט באמת געגלייבט, אַז די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי דינט בעסער די אָרעמע מאַסן ווי די רעפּובליקאַנער.

ווען די ווייסע פּאָליטישנס פֿלעגן אַריינקומען אין זיין סאַלון, פֿלעגט ער זיי צום אַלעם ערשטן מכבד זיין מיט גלעזלעך משקה, שמועסן מיט זיי וועגן קלייניקייטן און געוואַרט ביז זיי וועלן אַרויפֿקומען אויפֿן הויפּט־ענין — געלט. ס'האָט אים הנאה געטאָן, וואָס די ווייסע פּאָליטישנס קומען צו אים, דעם נעגער, פֿאַר אַ געלט־ביישטייערונג. דזשים פֿלעגט אָנפֿילן די אויסגע־ליידיקטע גלעזלעך פֿון די פּאָליטישנס און וואַרטן ביז זיי וועלן אַרויסקומען מיט דיבורים. ענדלעך פֿלעגן זיי קומען צום פּונקט:

— דזשים, ווייסט דאָך, אַז מיר האַלטן איצט אין מיטן אַ הייסן קאַמ־פּעין פֿאַר אונדזערע קאַנדידאַטן. די רעפּובליקאַנער, דאַרפֿן מיר דיר נישט זאָגן, שיסן מיט קאַנאָנען אויף פּרעזידענט רוזוועלט, וואָס איז באַליבט ביים פֿאָלק, נאָר כדי צו דערוויילן רוזוועלטן דאַרפֿן מיר האָבן דריי פּרינציפּן: געלט, געלט און געלט. דזשים, מיר באַטראַכטן דיך פֿאַר אַ אייגענעם מענטשן, און דערוואַרטן פֿון דיר אַ היפּשע סומע.

די רייד האָבן גענערט דזשימס שטאָלץ. ער האָט זיך אָפּגעווישט דעם שווייס פֿון שטערן און געזאָגט:

— איך האָב זיך טאַקע געוואונדערט, וואָס איר זענט ביז אַהער נישט געקומען. כ'האָב שוין אָנגעהויבן פֿאַרדעכטיקן, אַז איר האָט פֿאַרגעסן, אַז עס איז דאָ אַ דזשים אויף דער וועלט, אָדער איר האָט מיך אויסגעמעקט פֿון אייער בכבוד'יקן צעטל ביישטייערער.

— וואָס פּאַלט דיר איין נאַרישקייטן ? — האָט מייק אַרויסגעכריפּעט מיט זיין האַלב־הייזעריקער אַנגעטרונקענער שטים, — מיר פאַרגעסן נישט אַזעלכע גוטע פריינט. דו ביזט ביי אונדז צווישן די ערשטע. מיר איילן זיך נישט צו דיר, ווייל מיר ווייסן, אַז דו ביסט אַ מענטש פון פּרינציפּן, אַ מענטש מיט אַ געוויסן, און מיט דיר זענען מיר זיכער.

דזשים האָט געעפּנט זיין געלט־טאַש, וואו די ביישטייערונג איז שוין געלעגן אָנגעגרייט פון פריער, נאָר איידער ער האָט באַוויזן אויסצוצאָלן די מזומנים, האָט זיך לאַרי־דזשים אָנגערופן :

— איך וויל אויך שטיצן פּרעזידענט רוזוועלטס קאַמפּעין.

— מיין זון פאַרגעטערט דעם פּרעזידענט, — האָט דזשים אָנגעגאָסן די ליידיקע גלעזלעך.

— דיין זון איז געראָטן אין דיר, — האָבן די פּאָליטישנס, מייק און ענדריו, געזאָגט ווי מיט איין קול, — זיינע רייד קלינגען ווי די שענסטע מוזיק אין אונדזערע אויערן.

— איך רעכן, אַז מיר זענען גליקלעך וואָס מיר לעבן אין דער זעלבער עפּאָכע מיט אַזאַ גרויסער פּערזענלעכקייט ווי פּרעזידענט רוזוועלט ! — האָט לאַרי־דזשים אָנגעהויבן אויסציילן זיינע קאַמפּעין־געלטער.

— גוט געזאָגט. קלוגע און אמת׳ע ווערטער, מעגסט עס זאָגן נאָך אַמאָל !

— אַ לאַנד וואָס האָט אַ גרויסן פירער איז געבענטשט, און פרענקלין דעלאַנאָ איז באמת אַ גרויסער מענטש. אויב ער וועט לויפן פאַר אַ דריטן אָדער פערטן טערמין, וועל איך פאַרדרייפאַכן מיין ביישטייערונג, — האָט לאַרי־דזשים פאַרענדיקט זיין קורצע רעדע.

— דזשים, דאַרפסט זיין שטאָלץ מיט אַזאַ געראָטענעם זון, — האָט מייק אַריינגעגאָסן מיט איין קער אַ גלעזל אין האַלדז אַריין, — זיי געזונט, דזשים, און אַ דאַנק דיר, לאַרי, פאַר דיינע גוטע רעדעס לטובת אונדזער פּרעזידענט, און פאַר דיין ביישטייער ; דו וואַקסט אַן אמת׳ער דעמאָקראַט.

## 2

# לאַרי פּאָרט אין דער אַרמיי

מערץ, 1939. היטלערס נאַצי־האָרדעס זענען אַריין קיין טשעכאָסלאָוואַקיע.

מיט זעקס חדשים שפּעטער, אין סעפּטעמבער, האָבן שוין די נאַציס געהאָנגלט פון די הימלען איבער פּוילן, געמאָרדעט איר אומבאַשיצטע באַפעלקערונג, וואָס איז באַגראָבן געוואָרן אין די חורבות פון די באָמבאַרדירטע שטעט.

לאַרי־דזשים האָט געפיבערט פון צאָרן אויף די נאַצי־מערדער, און נענסי האָט זיך געבעטן ביי אים ער זאָל שוין פאַרמאַכן די ראַדיאָ און גיין שלאָפן.

— מלחמה־נייעס אַ גאַנצן טאָג איז דיר ווייניק, — האָט זי זיך באַקלאָגט.

די מפּלה פון דער פראַנצויזישער אַרמיי און די באָמבאַרדירונג פון לאָנדאָן האָבן לאַרי־דזשימין אַריינגעוואָרפן אין טרויער.

ווען עס איז באַוואוסט געוואָרן די נייעס, אַז די יאַפּאַנעזער זענען באַפאַלן פּוירל האַרבאָר, האָט לאַרי־דזשים פרייוויליק זיך אָנגעשלאָסן אין דער אַרמיי.

— הערט שוין אויף צו קראַקען ווי די קראָען און כליפּען ווי באַנעצטע קינדער, — האָט דזשים גע׳טענה׳ט צו די דריי פרויען, נענסי, מערי און סוזי, וועלכע זענען געזעסן ביים טיש און פאַרגאָסן טרערן אויף לאַרי־דזשימין, — מאָרגן, איבערמאָרגן וועט דער קאָנגרעס אָננעמען דעם געזעץ פון צוואַנגס־מיליטער־דינסט און דאַן וואָלט מען דאָך סיי־ווי גערופן לאַרין אין דער אַרמיי, איז שוין בעסער וואָס ער האָט וואָלונטירט. אויב איר, ווייבער, האָט בדעה צו קומען דעם שבת צו לאַרים געזעגענונג מיט אַזעלכע פאַרזויערטע פּנימ׳ער, וועל איך בעטן די קלוב־מיטגלידער אינגאַנצן נישט מאַכן דעם אָוונט. אַ שיין פּנים וועט ער האָבן ביי זיינע פריינט מיט אַזעלכע העלדישע קרובים...

— דזשים, האָסט אַ האַרץ פון שטיין, — האָט סוזי געזאָגט, — ער איז דאָך אונדזער איין־און־איינציקער זון. רעדסט ווי מיר וואָלטן כאָטש געהאַט אַ טוץ קינדער . . .

— ווער האָט דיך נישט געלאָזן האָבן נאָך עטלעכע זין ? האָט לאַרי בראַון שוין מער נישט געוואָלט ?

— אַזוי גאָר, דו טשאַלענדזשסט מיך, דזשים? — האָט סוזי אויסגע־בראַכן אין אַ היסטעריש געלעכטער:

—און אַז איך טשאַלענדזש דיך איז וואָס? — האָט דזשים געפרעגט.

— גוט, מיט פאַרגעניגן, טייערער שוואָגער מיינער, איך וועל דיר מאַכן אַ סורפריז. און דווקא אַן לאַרין.

נענסי האָט געוואָרפן צעטומלטע בליקן דאָ אויף איר שוועסטער און דאָ אויף דזשימין. זי האָט נישט געוואוסט, צי זאָל זי דערמוטיקן סוזין, אָדער זי זאָל איר אויסרעדן פאַר איר לייכטזיניקייט, און איז געבליבן זיצן מיט אַן אָפענעם מויל.

די אַלטע מערי האָט זיך אַרויסגעשאַרט פון צימער.

— גרייט אַן אַ גוטע מתנה, — האָט סוזי הנאה געהאַט פון געשפּרעך, וואָס זי האָט נאָר וואָס פאַרבונדן מיט דזשימין, — מעגלעך, אַז איך וועל דיך באַגליקן מיט אַ צווילינג.

— פון מיינעט וועגן מעג זיין אַ אַפילו אַ דריילינג, אַ מתנה וועסטו קריגן, גאָר אַ שיינע מתנה, — האָט דזשים געזאָגט.

— שוועסטער, רעדסט שוין צופיל! — האָט נענסי אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט.

— מיר האָבן שוין אָפּגעמאַכט! — האָט סוזי הילכיק געלאַכט. — געדענק, דזשים, אַן אָפּמאַך איז אַן אָפּמאַך.

דריי טעג נאָכן אָפּשייד־אָוונט פאַר לאַרי־דזשים איז לאַרי אָפּגעפאָרן צו זיין אַרמיי־לאַגער. דזשים האָט נישט געקענט פאַרגעסן דעם געזעגענונגס־אָוונט. דזשים האָט שוין לאַנג געטראַכט, אַז כאָטש ער איז איינער פון די מער דערפאָלגרייכע נעגערס אין דער גאַנצער געגנט, און פאַרדינט גאַנץ גוט, איז אָנגעזען אַפילו צווישן די ווייסע צוליב זיינע ביישטייערונגען, איבער־הויפּט פאַר די דעמאָקראַטישע קאַמפּעינס, דאָך איז ער נישט אינגאַנצן צו־פרידן. עפּעס פעלט אים, עפּעס באַאומרואיקט אים, כאָטש וואָס דער „עפּעס" איז, האָט ער אַליין נישט געקאָנט זאָגן באַשטימט. עס איז אים איינגעפאַלן, אַז זיין אַנגסט נעמט זיך אפשר פון זיין זאָרגלאָזן לעבן, מסתמא ליידן אַלע זאַטע און צופרידענע פון דער אַנגסט. די ווייסע גבירים גיבן זיך אַן עצה, זיי קומען זיך צונויף און הוליען, געהערן צו „קאַנטרי קלאָבס", האָבן יאַכט־שיפּ־לעך אויפן ים, אָבער ער?

לאַרים אַוועקפאָרן האָט אים אָנגערעגט צו טראַכטן אַביסל טיפער, און אין זיין מוח האָבן אויפגעבליצט נייע שטרעבונגען. עס איז נאָך אים אַליין נישט געווען קלאָר אַקוראַט וואָס ער וויל. ווי שטאַרקע זון־שטראַלן, וואָס שניידן זיך אַריין אין אַ געדיכטן נעפּל, האָבן די נייע געדאַנקען אויפגעבליצט

אין זיין מוח בעת ער האָט געטראַכט וועגן יענעם געזעגענונגס־אָוונט פאַר לאַרי־דזשים.

אויף יענעם אָוונט זענען געווען אַלע פריינט לאַרים, דער לערער, ראַלף דזשעפערסאָן, די לערעריז, גרעים לאַפּאַיעט. דער געלערנטער און גרויס־האַל־טער, דער ראַדיאָ־מעכאַניקער דזשעספּער איז דאָרט אויך געווען, צו אַלעמענס איבערראַשונג.

ווי נאָר דזשעספּער איז אַריינגעקומען אין דעם גרויסן ליכטיקן זאַל, האָבן זיך אַלע געסט איבערגעוואונקען. — „עס וועט שוין זיין פריילעך", — האָבן אייניקע געזאָגט.

דזשעספּערן האָבן אַלע געקאָנט און רעספּעקטירט, אָבער מען האָט אויך מורא געהאַט פאַר זיין געשליפענער צונג. כאָטש דזשעספּער האָט געהאַט אַ סך פריינט און איז געווען אַ מיטגליד פון קלוב, פלעגט ער אָבער נישט קומען צו די פאַרזאַמלונגען. ווען דזשעספּער האָט געהאַלטן אַ לעקציע אין קלוב, פלעגן נאָך דער לעקציע פאָרקומען שאַרפע דיסקוסיעס. ער פלעגט אַרויסזאָגן עקסטרעמיסטישע געדאַנקען וועגן דער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע, גע־טענה'ט, אַז אָט־די דעמאָקראַטיע באַרעכטיקט דיסקרימינאַציע קעגן נעגערס און האָט פאַרגעוואָרפן די נעגערס אַז זיי זענען צו אונטערטעניק, „אָנקל טאָמס".

דזשעספּערס טאַטע איז געפאַלן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. זיין מוטער איז ערגעץ פאַרשוואונדן ווען ער איז נאָך געווען אַ קינד, איז ער דער־צויגן געוואָרן ביי זיין מומען, זיין טאַטנס נישט־פאַרהייראַטע שוועסטער. זי האָט אים דערצויגן ווי ער וואָלט געווען איר זון.

דזשעספּער האָט נישט באַוויזן צו פאַרענדיקן סקול, געמוזט פאַרדינען זיין ברויט. ביי צוועלף יאָר האָט ער שוין געאַרבעט אין אַ ראַדיאָ־פאַבריק. דער ווייסער ראַדיאָ־מעכאַניקער האָט געזען ווי דער קליינער נעגער פלעגט אין די פרייע מינוטן צעגלידערן אַ ראַדיאָ־קעסטל, טרעפן צו די שוואַכסטע פונקטן, אַריינשטעלן „טיובס" (רערן) און — וואונדער איבער וואונדער — די ראַדיאָ האָט זיך באַלד צעזונגען. דער מעכאַניקער האָט דזשעספּערן דער־מוטיקט אין זיינע עקספּערימענטן.

עס זענען נישט אַוועק קיין סך יאָרן און דזשעספּער איז געוואָרן אַ מעכאַניקער. ער האָט פאַרריכט זייגערס, ראַדיאָס אין נעגערשע היימען, און מען האָט זיך געוואונדערט, ווי אַזוי ער האָט באַוויזן זיך אַליין אַלץ אויס־לערנען. אַ „סעלף מעיד מען !"

דזשעספּער האָט גוט פאַרדינט און פלעגט אויסגעבן אַ סך געלט אויף

געציִיג, אויף ביכער און זשורנאַלן. ער האָט געקויפט פאַרשידענע ביכער: וועגן ראַדיאָ־טעכניק, מאַטעמאַטיק, וועלט־געשיכטע, שיינע ליטעראַטור און אַנדערע וויסנשאַפטן. ער האָט געהאַלטן אין איין לייענען, נישט אויפגעהערט שטודירן און האָט מיט דער צייט זיך דערוואָרבן אַ רעפּוטאַציע ווי דער געלערנטסטער נעגער אין דער געגנט.

אויף לאַרי־דזשימס געזעגענונג־פּאַרטי האָבן די איינגעלאַדענע געסט אין זיך אַריינגעגאָסן אַ היפּש ביסל משקה, געגעסן מיט אַפּעטיט הון און געבאַקענעם „העם", מיט קאָרן ברויט, מיט פאַרשידענע גרינסן און פאַרביסן מיט עפּל־קוכן, אייז קרים און קאַווע. נאָכדעם האָבן מערי, נענסי און סוזי אָפּגערייניקט די טישלעך פון די שיריים נאָכן עסן, אָוועקגעשטעלט פלעשער וויין און גלעזער און די געסט האָבן אויפגעהויבן די פולע גלעזער און אָנגעקלאַפּט פאַר לאַרין — פאַר געזונט און קום געזונט!

דער לערער ראַלף דזשעפערסאָן האָט זיך אויפגעשטעלט און געהאַלטן אַ רעדע:

— דו, לאַרי־דזשימס, ביסט אַ כבוד פאַר דיינע עלטערן, פאַר דיין באָבען און מומען, און אַ שיינענדיקער ביישפּיל פאַר דער גאַנצער נעגער־יוגנט, וואָס ווייסט, אַז מען דאַרף פאַרטיידיקן אונדזער לאַנד. איך סאַלוטיר דיך אַלס בראַוון זון פון אַ גוטער פאַמיליע. איך צווייפל נישט, אַז דו וועסט זיך אויסצייכענען מיט מוט. זאָל דער גוטער האַר דיך באַשיצן און דיך צוריקברענגען אַ גאַנצן און געזונטן צו דיין פאַמיליע און דיינע גוטע פריינט, וואָס וועלן פון היינט אָן וואַרטן אויף דיר מיט ליבע און בענקעניש. גאָט איז אויף דער זייט פון די בראַווע און גערעכטע, זאָל ער דיר העלפן באַזיגן דעם באַרבאַרישן שונא.

אַלע אָנוועזנדיקע האָבן אַפּלאַדירט.

— דזשעספּער, זאָג אַ וואָרט, — האָט איינער זיך אָפּגערופן.

— דזשעספּער, דערלאַנג! — האָט אַן אַנדערער אויסגערופן.

ווען דזשעספּער האָט זיך אויפגעהויבן, האָבן זיך צענדליקער אויגן צעשטראַלט און אַרומגענומען דעם שלאַנקן בחור מיטן שיינעם און איידעלן פּנים. זיינע פּעך־שוואַרצע האָר האָבן געגלאַנצט אין שיין פון עלעקטרישן ליכט. זיינע גרויסע שוואַרץ־פּאַר'הלום'טע אויגן האָבן זיך איינגעגעסן אין הענגענדיקן בילד פון פּרעזידענט רוזוועלט אויף דער וואַנט.

אין גרויסן צימער איז געוואָרן אַזוי שטיל, אַז מען האָט געהערט דעם אייגענעם האַרץ־קלאַפּ. דאָס שווייגעניש האָט געדריקט אויף די געמיטער.

— מיינע פריינט, — האָט דזשעספּער אָנגעהויבן רעדן שטיל, — איך

האָב בדעה געהאַט בלויז צו זאָגן אַ „זייַ געזונט״ לאַרין, נאָר אונדזער ווירדי־קער לערער האָט מיך אַביסל פּראָוואָצירט, און איך האָב מורא, אַז איך וועל שוין זאָגן מער ווי געציילטע ווערטער.

— די נאַכט איז נאָך יונג, רעד דזשעספּער, וויפל דייַן האַרץ גלוסט, — האָבן זיך געהערט שטימען פון אַלע זייַטן.

— אָבער דערלאַנג אַ קלוגע רעדע ! — האָט עמעצער געשמייכלט גוט־מוטיק.

דזשעספּער האָט אַ לייכטן הוסט געטאָן און אָנגעהויבן :

— איך ווינטש דיר פון גאַנצן האַרצן, לאַרי, זאָלסט צוריקקומען אַ געזונטער און מיר זאָלן זיך פרייען מיט דיר און מיטן זיג איבער די פאַשיסטישע באַרבאַרן.

— דאַרפסט אָבער נישט פאַרגעסן, אַז די אַמעריקאַנער סאָלדאַטן וועלן אויף די זיגרייכע באַיאָנעטן נישט ברענגען אַפילו קיין לויט פרייהייט און רעכט פאַר אונדזערע מיליאָנען שוואַרצע ברידער און שוועסטער, וואָס ווערן דיסקרימינירט און אויסגענוצט פון די ווייסע, און זינקען אין זייערע געטאָס אין שמוץ און אין אומוויסן. אַוודאי ווילן מיר אַלע, אַז אַמעריקע זאָל צעשמעטערן די געפערלעכע נאַצי־שונאים, נאָר דער זיג איבער די נאַצים מיינט נאָך נישט קיין סוף צו דער אומדערטרעגלעכער לאַגע פון די זעכצן מיליאָן אַמעריקאַנער נעגערס.

— דזשעספּער, צעשטער נישט לאַרים אָוונט, — האָט עמעצער אויסגערופן.

— ער שטערט נישט, רעד דזשעספּער, רעד ווייטער, — האָט זיך דזשים אַרייַנגעמישט.

— מייַן טייערער דזשעספּער, — האָט זיך דער לערער דזשעפּערסאָן אויפגעשטעלט, — וועסט דאָך נישט לייקענען, אַז דער מצב פון די נעגערס האָט זיך לעצטנס פאַרבעסערט. מען דאַרף איצט געשולטע און געלערנטע אַרבעטער, די צאָל פון די רייכערע נעגערס וואַקסט.

— דאָס זענען בלויז אויסנאַמען, דזשעפּערסאָן, — האָט דזשעספּער געענטפערט, און ס׳האָט זיך אַנטוויקלט אַן אומגעריכטע דעבאַטע צווישן די צוויי.

— בלויז אַ קליינע צאָל נעגערס האָבן זיך באַוויזן אַרויסצורייסן פון זייער געטאָ־קלעם. די עקאָנאָמישע לאַגע פון די מיליאָנען נעגער האָט זיך נישט געבעסערט. איינינעם מיט זייער צאָל וואַקסט אויך זייער דלות. מען קאָן נישט לייקענען די פאַקטן און זיי פאַרדעקן מיט זיסע רייד וועגן „ענדערונגען

צום גוטן". ווער וועט אַפּלייקענען, אַז היינט צו טאָג וואוינען אין די גרעסערע שטעט אין חרוב'ע און פאַרפּעסטעטע היימען מיליאָנען נעגער? און די שטערבלעכקייט צווישן זייערע קינדער וואַקסט אויך. ווער וועט לייקענען, אַז אונדזער אַמעריקאַנער ציוויליזאַציע און דעמאָקראַטיע באַטראַכט די נעגערשע באַפעלקערונג ווי האַלב־ווילדע? די פּאָליציי און די געריכטן באַהאַנדלען אונדז ווי פאַרברעכער און אונדזערע פילן אַן די טורמעס.

— איר רעדט וועגן דער קליינער צאָל רייכע און געלערנטע נעגערס, וואָס דערווייטערטן זיך פון זייערע נויטליידנדיקע ברידער, ווייכן פון זיי ווי פון אַ מגיפה. עס זענען אַוודאי פאַראַן אויסנאַמען, אָבער אַז אויסנאַם באַשטעטיקט בלויז דעם כלל.

— דזשעספּער, דו איבערטרייבסט, האָסט ליב צו זען אַלץ פון דער שוואַרצער זייט, — האָט דזשעספּערסאָן נישט געקענט אויסהאַלטן, און איז אים אַריינגעפּאַרן אין מיטן די רייד.

— איך איבערטרייב? לאָמיר זען די פאַקטן: די קלעניקעס שלעפּן נעגערס פון די היימען, מען שלאָגט זיי מערדערלעך און מען לינטשט זיי. איבערטרייב איך אפשר? אָדער קאָנסטו לייקענען, אַז די היטער פון געזעץ מאַכן אַ שווייג ווען עס האַנדלט זיך וועגן רעכט פון נעגער?

— אַז ווען אַ ווייסער לומפּ פאַרגוואַלדיקט אַ נעגער־מיידל אין עלטער פון צוועלף יאָר, ווערט ער באַשטראָפט? אָדער אַז ווייסע צינדן אונטער נעגער־היימען, אָדער רייסן זיי אויף מיט דינאַמיט ווערן זיי באַשטראָפט? איך איבערטרייב, זאָגסטו? האַ? איז עס נישט אַ באַוואוסטער פאַקט, אַז טויזנטער נעגער־פאַמיליעס ווערן צעבראָכן אונטער דער לאַסט פון לעבן, נעמט מיך: מיין טאַטע איז געפאַלן אויפן שלאַכטפעלד פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. איז עמעצן איינגעפאַלן צו באַלוינען זיין זון, דעם יתום, און זיין ווייב, דער אלמנה? און אַז מיין מאַמע איז אַוועק, ווער האָט מיך דער־צויגן, די רעגירונג, אָדער מיין מומע? און וויפל פון אונדז ווייסן וועגן דער צאָל קינדער וואָס ווייסן נישט ווער זייערע טאַטעס זענען, אָדער וואו זייערע מאַמעס געפינען זיך? טויזנטער ווערן אויפגעכאַוועט ביי זייערע אָרעמע באָבעס אָדער מומעס, אָדער גלאַט פרעמדע, ווייל זייערע מאַמעס זענען פאַר־פאַלן געוואָרן ווי אין ים אַריין, — און וויפל נעגער ווייסן נישט וואוהין זייע־רע שוועסטער ווערן פאַרשוואונדן?

ביי די רייד האָט דזשים דערפילט ווי עמעצער וואָלט אים אַ זעץ געטאָן מיט אַ האַמער איבערן קאָפּ, און האָט לייכטער אָפּגעאָטעמט, ווען דזשעספּער־סאָן האָט ווידער איבערגעריסן דזשעספּערן אין מיטן דער רעדע.

— און וואָס ווילסטו, דזשעספּער, אפשר זאָלן זיך דערפאַר די נעגער אָפּזאָגן צו דינען אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי, זיך נישט שלאָגן מיט די נאַצים ?

— וואָס איך וויל, פרעגסטו דזשעספּערסאָן ? איך וועל דיר זאָגן וואָס איך וויל. איך וויל אַז מיר, נעגער, זאָלן זאָגן אַזוי הויך, אַז די גאַנצע וועלט זאָל הערן : מיר וועלן זיך אָנשליסן אין דער אַרמיי, וועלן מקריב זיין אונדזערע לעבנס, אונדזערע פרויען און מענער וועלן אַרבעטן אין די געווער־פאַבריקן, אָבער זאָל דער קאָנגרעס גלייך אָננעמען אַ געזעץ, וואָס גאַראַנטירט אונדז די זעלבע רעכט ווי די ווייסע, אויב נישט וועלן מיר בלייבן זיצן אין אונדזערע געטאָס. אָט דאָס וויל איך !

— פאַנטאַזיעס, פוסטע חלומות ! — האָבן זיך פון אַלע טישלעך געהערט שטימען.

— וועל, מיינע דאַמען און הערן, איך האָב געזאָגט וואָס איך טראַכט, איך האָב אַרויסגעזאָגט געדאַנקען, וואָס פּייניקן מיך טאָג און נאַכט, יעדע שעה און יעדע מינוט, און דו, לאַרי, זיי מיר מוחל, אויב איך האָב געשטערט דיין שמחה. איך ווינטשט דיר גליק.

— ביג דזשים, ביג דזשים ! מיר ווילן דזשים זאָל עפּעס זאָגן ! — האָבן זיך געהערט קולות.

אין דזשימס אויערן האָבן נאָך געקלונגען דזשעספּערס שאַרפע רייד און ער האָט נישט פאַרגעסן זיינע ווערטער, אַז נעגער־קינדער ווייסן נישט ווער זייערע טאַטעס זענען. — איז עס מעגלעך, אַז דער ביטערער ממזר האָט מיך געמיינט, — האָט ער געטראַכט, — און איז ער דען נישט גערעכט : וואו געפינט זיך טאַקע איצט מיין שוועסטער, מיין איינציקע טייערע שוועסטער ? צי וועל איך זי נאָך אַמאָל זען ? און מיין לאַרי, ווייסטו טאַקע ווער דיין אמת׳ער טאַטע איז, ווייסטו אַז דיין טאַטע איז דער ווייסער לאַרי בראַון ?

די אומאויפהערלעכע געשרייען פון די זיצנדיקע, אַז ער, דזשים, זאָל זאָגן אַ פּאָר ווערטער, האָבן אים אויפגעוועקט פון די מחשבות. אַ האַלב־צעטומלטער און מיט אַ שוואַך קול האָט ער זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט :

— איך דאַנק אייך, פריינט, איך וויל מיין זאָל זאָל זון זאָל בעסער רעדן. נאָר איידער לאַרי רעדט וואָלט איך וועלן פרעגן ברודער דזשעספּער איין פראַגע : צי גלייבט ער אין גאָט ?

דזשים האָט זיך דערשראָקן פאַר זיין אייגענער פראַגע און זיך געוואונדערט וואָס אים איז גאָר איינגעפאַלן אַזאַ פראַגע, וואָס טוט זיך מיט מיר ?

בין איך אפשר שיכור, צי וואָס? און וואָס גייט מיך אָן צי דזשעספּער גלייבט יאָ אָדער נישט אין גאָט?

דזשימס מחשבות זענען איבערגעריסן געוואָרן פון דזשעספּערס קול, וואָס האָט זיך אַריינגעשניטן אין חלל פון זאַל, פול מיט בראָנפן און ציגאַרן־ריחות. ער האָט גערעדט מיט אַ טיפער שטים:

— פרעגסט מיך, מיין טייערער דזשים, צי איך גלייב אין גאָט? פרעג איך דיך, אין וועלכן גאָט זאָל איך גלייבן? אין גאָט וואָס דערלויבט די נאַציס צו שעכטן יידן און אַנטי־פאַשיסטן? אין גאָט וואָס דערלויבט זיי באָמבאַר־דירן אָפענע שטעט און הרג׳ענען פרויען און קינדער? זאָל איך גלייבן אין אַ גאָט, וואָס לאָזט די יאַפּאַנעזישע מערדער אַטאַקירן פּוירל הארבאָר? אָדער אפשר אין יענעם גאָט פון די קו־קלוקס־קלען־באַנדיטן און לינטשערס? אָדער גאָר אין דעם גאָט וואָס שווייגט ווען מען פאַרשקלאַפט אונדז און מען מאַכט דערוויילֿ דערבײַ אַ פרום פנים?

— די געטער לאָז איך נישט אַריבער די שוועל פון מיין הויז. פון אַזעל־כע געטער קער איך זיך אָפּ מיט פאַראַכטונג! — האָט ער אויסגעשריגן און דערנאָך געזאָגט אין אַ נידעריקן טאָן:

— איך קאָן אויך נישט גלייבן אין גאָט, צו וועלכן מיינע נעגער־ברידער שרייען היסטעריש שוין איבער הונדערט יאָר. ער איז טויב יענער גאָט צו הערן און איז בלינד צו זען ווי זיינע קינדער קאָרטשען זיך אין קאָנוואולסיעס. ער איז אַ קראַנקער און הילפלאָזער גאָט, און אויב נישט אין די געטער, איז אין וועלכן גאָט גלייב איך? יאָ, דזשים, איך גלייב אין דעם גאָט, וואָס האָט אַמאָל געזאָגט דעם העברעאישן משה:

— „גיי און נעם צונויף די יידישע שקלאַפן און פיר זיי אַרויס פון שקלאַ־פעריי און איך וועל זיין מיט דיר”. יענער גאָט האָט געהאַלטן זיין צוזאָג און האָט דערטרונקען די עגיפּטישע נאַציס אין ים. אויב דו, דזשים, ווייסט דעם אַדרעס פון יענעם גאָט, גיב מיר אים און איך וועל זיך גלייך פאַרבינדן מיט אים.

אַ געלעכטער, באַגלייט מיט אַפּלאָדיסמענטן, איז אויסגעבראָכן אין זאַל.

— וועל, וואָס זאָל איך דיר זאָגן? — האָט זיך דזשים אָנגערופן, — דו בליצסט מיט געדאַנקען, און וואַרפסט זיי ווי אַ מאַשין־ביקס וואַרפט קוילן. איך וועל דאַרפן צעקייען די ווערטער, זיי איבערטראַכטן. דערוויילֿ זאָל מיין זון נעמען אַ וואָרט.

— לאַרי, לאַרי, מיר ווילן הערן! — האָבן זיך אַלע אויפגעשטעלט און שטאַרק אַפּלאָדירט דעם יונגן נעגער־סאָלדאַט. ווען ער האָט זיך אויפגעשטעלט

איז שטיל געוואָרן. מערי, נענסי און סוזי האָבן געקוקט מיט פּייכט־גלאַנציקע אויגן אויף לאַרי־דזשימין.

— נענסי האָט געטראַכט, אַז לאַרי איז ענלעך אויף איר אייגענעם מאַן ביג דזשים. ער איז פון דער זעלבער הייך, ער איז אַ ברייט־פּלייציקער און אַז ער רעדט וואָלט זי געשוואוירן, אַז דאָס רעדט דזשים. דזשימס שטים און דזשימס מאַניערן.

סוזיס אויגן האָבן זיך איינגעגעסן אין קליינעם חנ'עוודיקן גריבעלע, וואָס האָט זיך געקיילעכט אין איר זונס לינקער באַק, ווען ער האָט גערעדט. איר האַרץ האָט געפּלאַטערט און זי האָט זיך איינגעהאַלטן מיט אַלע כוחות זי זאָל אים נישט אַרומנעמען און אויסקושן זיינע אויגן, זיין שיין געטאָקט מויל און דאָס קיילעכדיקע חן־גריבעלע.

— לאַרי בראַון, וואו ביסטו? פאַרוואָס געפינסטו זיך נישט דאָ, זאָלסט אָנקוקן דיין שיינעם זון? — האָט סוזי געטראַכט, און באַלד זיך אַליין געזאָגט אין דער מחשבה, — ניין, קום בעסער נישט. איך וויל דיך מער נישט זען . . . קיינמאָל מער . . .

די באָבע, מערי ווילסאָן, האָט שטיל געמורמלט: — גאָט, היט אים אויס פון בייז. זיסער גאָט, האָב רחמנות אויף אים, וואָד איבער אים וואו ער וועט זיך נישט געפינען!

לאַרי האָט גערעדט מיט אַ ווייך קול:

— איך האָב נישט גענוג ווערטער אייך צו דאַנקען, מיין טייערן טאַטן, דער טייערער מאַמען, מיין האַרציקער באָבען און דער האַרציקער מומע סוזי, און אייך אַלעמען, פאַרן גרויסן כבוד און פאַרגעניגן, וואָס איר האָט מיר היינט אָוונט פאַרשאַפט. וואו איך וועל זיין וועלן אייערע ווערטער מיך שטאַרקן און מוטיקן.

— איך פאַרשטיי, אַז מיין טאַטע וויל איך זאָל ענטפערן דזשעספערן אויף דער לאַנגער רעדע. איך וועל עס פּרובירן טאָן, און איך האָף, אַז דזשעספער וועט אויך זיין צופרידן. איך פאַרזיכער דיר, פריינט דזשעספער, אַז האָסט מיט גאָרנישט געשטערט די שמחה, פאַרקערט, מיט דיין רעדע האָסטו באַריי־כערט אַלע אָנוועזנדיקע. מיט אַ גרויסן טייל פון דיינע רייד שטים איך איין, און אויך מיט די רייד פון מיין חשוב'ן לערער דזשעפערסאָן. איך האַלט אָבער, דזשעספער, אַז די איצטיקע מלחמה איז אַן אַלגעמיינע, און פון איר זיג איז אָפּהענגיק דער וואוילזיין פון אַלע, ווייסע און נעגער צוגלייך.

— איך האָב נישט דעם מינדסטן צווייפל, אַז אויב היטלער, גערינג און מוסאָליני, ווי אויך די יאַפּאַנעזישע מיליטאַריסטן זאָלן זיגן, וועלן מיר, די

נעגערס, זיין די ערשטע קרבנות אויף זייער פייער. די נאַציִשע גענגסטערס האַלטן זיך פאַר דער „ריינער ראַסע", דאָס „הערן פאָלק", און זיי וואָלטן אונדז גלייך געמאַכט פאַר די ערגסטע שקלאַפן. אפשר וואָלטן זיי אונדז נישט אויסגעשאָכטן ווי די יידן, ווייל 17 מיליאָן אַמעריקאַנער נעגערס זענען אַ רעזערוו וואָס קאָן ברענגען ביליאָניקע פּראָפיטן אויפן אוקשאָן בלאָק. קיין ספק נישט, אַז אונטער דער הערשאַפט פון דער ברוינער חיה וואָלטן מיר פאַרשקלאַפט געוואָרן אויף לאַנגע יאָרן. הייסט עס, די מלחמה איז אויך אונדזערע.

לאַרי־דזשים האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און האָט פאָרגעזעצט:

— איך ווייס, אַז פון דער מלחמה און נאָך דער מלחמה, וועלן די ווייסע ווערן פעטער, רייכער, חוצפה'דיקער, און בין איינשטימיק מיט דזשעספּערן, אַז מיר וועלן אויף אונדזערע באַיאָנעטן נישט ברענגען די גלייכהייט און פרייהייט פאַר אונדזערע נעגער־ברידער, אָבער מיר, נעגער־סאָלדאַטן, וואָס וועלן זיך אומקערן, וועלן קאָנען זאָגן צו די ווייסע: מיר האָבן אייניינעם מיט אייך פאַרגאָסן אונדזער בלוט, כדי צו באַזיגן די נאַצי־בעסטיע און אייך געהאָלפן זיך ראַטעווען פון דער נאַצישער אָרדענונג, טאָרט איר איצט נישט, איר ווייסע זיגער, אונדז באַהאַנדלען ווי איר וואָלט געווען אַן אויבער־ראַסע, איר טאָרט אונדז נישט באַרויבן פון אונדזער רעכט און פרייהייט!

— איך בין נישט אַזוי נאַאיוו צו דערוואַרטן, אַז אַלע ווייסע וועלן איבערנאַכט ווערן מלאכים, און אונדז צוטראָגן אונדזערע רעכט אויף אַ גאָלדענער טאַץ. דאָס האָט נאָך נישט פּאַסירט אין דער מענטשלעכער געשיכטע. מיר וועלן דאַרפן שטאַרק קעמפן פאַר אונדזערע בירגערלעכע רעכט. אָבער דאָס וועט זיך שוין ווענדן אין אונדז אַליין, באַזונדערס אין דער אַמעריקאַנער נעגער־יוגנט. איך גלייב, אַז עס וועלן זיך געפינען גענוג יוגנט, וואָס וועט זיך שטעלן אויף אונדזער זייט, און עס וועלן אויך נישט פעלן קיין ווייסע מענער און פרויען, וואָס וועלן זיך אָנשליסן אין אונדזער קאַמף. נישט אַלע ווייסע זענען פאַרדאָרבן.

— און אַ סך וועט זיך ווענדן אין דעם, — האָט זיך לאַרי געווענדט צו דזשעספּערן, — אויב אין אונדזערע אייגענע רייען וועלן זיך געפינען איינער אָדער עטלעכע משה'ס, וואָס וועלן האָבן דעם געטלעכן מוט, דעם אויסדויער און דעם כוח צו אָרגאַניזירן די מיליאָנען נעגערס, זיי זאָלן אויפהייבן זייערע שטימען און פאָדערן, און טאַקע באַקעמפן די פאַרשאָלטענע קלעניקעס און אַנדערע רעאַקציאָנערן, וואָס פאַרפעסטן די לופט פון אונדזער געבענטשט לאַנד. מיר וועלן נישט דאַרפן אַנטלויפן ווי די פאַרצייטיקע יידישע שקלאַפן פון עגיפּטן, ערשטנס, ווייל ס'איז נישטאָ וואוהין צו לויפן, און צווייטנס, ווייל

אַמעריקע איז אונדזער לאַנד, דאָ זענען אונדזערע אור־עלטערן, עלטערן, און מיר אַלע, געבוירן געוואָרן, און מיטן שווייס און בלוט פון נעגער־פאָלק איז די ערד באַפרוכפּערט געוואָרן.

— צום סוף וויל איך אייך אויפמערקזאַם מאַכן, אַז אין גיכן וועט דער קאָנגרעס אָננעמען דעם קאָנסקריפּשאָן־געזעץ און אַ סך פון אייך וועלן גע־רופן ווערן צו דינען אין אָנקל סעמס אַרמיי, ווינטש איך אייך גליק. עס איז נישט ווייט דער טאָג ווען מיר וועלן זיך טרעפן אויפן אומפאַרמיידלעכן שלאַכטפעלד פון די נעגער־מאַסן, וואָס האָבן גאָרנישט צו פאַרלירן, חוץ זייער נויט. נאָר צוערשט דאַרפן מיר באַזיגן די בלוטדאָרשטיקע בעסטיעס אויף יענער זייט ים. איך דאַנק אייך און פאַרבלייבט אַלע געזונט.

אונטער די רווישיקע אַפּלאָדיסמענטן האָט דזשים אַרומגעכאַפּט זיין זון און אים געקושט. נאָכדעם זענען אַלע געסט געשטאַנען אין דער ריי זיך צו געזעגענען מיט לאַרין, וואָס איז שוין געווען אין די אָרעמס פון די דריי פרויען: מערי, נענסי און סוזי.

דזשים האָט נישט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן דזשעספּערן און זיין זונס קלוגע רעדע, און לאַנג־לאַנג האָט דזשימס משפּחה נישט אויפגעהערט צו רעדן וועגן יענעם פּרעכטיקן געזעגענונגס־אָוונט, אַפילו נאָכדעם ווי ער האָט שוין געהאַט דורכגעמאַכט זיין איבונגס־פּעריאָד אין דער אַרמיי און איז אָפּגעפאָרן קיין ענגלאַנד. מען האָט אַזוי גיך נישט געקאָנט פאַרגעסן זיינע קלוגע און אינהאַלטסרייכע רייד. אַזאַ שיינעם געזעגענונגס־אָוונט, האָבן אַלע איינגע־שטימט, האָט נאָך קיין סאָלדאַט נישט געהאַט, אַפילו נישט קיין ווייסער.

— איך ווייס נישט פאַרוואָס אַלע זענען באַפאַלן דזשעספּערן און אויך דו, דזשים, האָסט אים, דאַכט מיר, באַליידיקט, — האָט די אַלטע מערי וויל־סאָן געזאָגט.

— ניין, האָסט אַ טעות, מאַ, — האָט דזשים געשמייכלט. — איך האָב זיך נישט געקריגט מיט אים. איך האָב גרויס אָפּשיי פאַר אים.

— האָסט אים אָבער באַליידיקט, האָסט אים געפרעגט, צי ער גלייבט אין גאָט, דאָס איז אַ באַליידיקונג, — איז מערי באַשטאַנען אויף אירס.

— נעם זיך נישט צום האַרץ, מאַמע, — האָט נענסי געזאָגט, — דזשעס־פּער האָט אַלעמען דערלאַנגט אין דער זיבעטער ריפּ. דו, דזשים, האָסט אויך באַקומען אַ פאָרציע פון אים.

— דזשעספּער איז זייער קלוג און אינטעליגענט, — האָט סוזי צוגעגעבן, — ער איז אַ געשיקטער רעדנער. מען זאָגט, אַז ער איז אַ גרויס־האַלטער. איך ווייס נישט, מיר געפעלט ער . . .

— נאָר די רעדע פון אונדזער לאַרין איז טאַקע געווען מיט גאָלד צוגלייך,

— האָט דזשים גערעדט ווי צו זיך אַליין, — איך האָב גאָרנישט געוואוסט, אַז דער יונג קאָן אַזוי שיין רעדן וועגן שווערע פאַרוויקלטע ענינים. איך האַלט, אַז דער לערער דזשעפערסאָן, דזשעספער און לאַרי וועלן נאָך אַמאָל אויפטאָן וויכטיקע זאַכן . . .

— איך האַלט, דזשים, — האָט סוזי אַ זאָג געטאָן, — אַז ס׳וואָלט געווען אַ גוטע זאַך ווען מיר פאַרבעטן דזשעספערן פאַר אַ מאָלצייט. איך בין זיכער אַז ער וועט קומען.

— ס׳איז אַ כבוד צו האָבן ביי זיך אַזאַ געלערנטן מענטשן, אַזאַ פריינט, נאָך מאָרגן וועל איך אים איינלאַדן, — האָט דזשים אַ וואונק געטאָן צו סוזין, — פּוץ זיך נאָר אויס ווי ס׳באַדאַרף צו זיין . . .

— פאַר מיר זאָרג זיך נישט, איך וועל דיך נישט פאַרשעמען, — האָט סוזי אים געענטפערט מיט אַ קאָקעטישן שמייכל. — איך זאָג דאָך דיר אַז ער געפעלט מיר.

## 3

# דזשעספּער

דזשעספּער איז געווען צופרידן, וואָס ער איז געווען ביי לאַרי־דזשימס געזעגענונגס־אָוונט, וואו עס זענען געווען די זין און טעכטער פון די דאָרטיקע נעגער־איינוואוינער. ביז איצט האָט ער זיי געקענט פון דער ווייטנס, איצט האָט ער זיי געטראָפן און דערצו נאָך געהאַט די געלעגנהייט צו לערנען מיט זיי עפּעס וועגן דער נעגער־פראַגע. ער איז געווען זיכער, אַז כאָטש נישט אַלע זענען איינשטימיק מיט אים און טייל האָבן אפילו באַקעמפט זיינע אידייען, איז דאָך גוט וואָס ער האָט זיי אַריינגעזאָגט. איצט וועלן זיי זיך קאָנען פאַר־טראַכטן וועגן זיינע ווערטער. זיי לײדן דאָך פון דיסקרימינאַציע נישט ווייניקער פון אים. נאָר מערסטנס איז ער געווען צופרידן פון זיין טרעפן זיך מיט דער דזשים לאַרי משפחה.

דעם לערער דזשעפערסאָן האָט דזשעספּער געהאַלטן פאַר אַ וואוילן אינ־טעליגענטן מענטשן, נאָר אַ פלאַכן און אַ צופרידענעם מיט זיין דערגרייכטער פּאָזיציע, אַ מענטש וואָס איז איינגעגלייבט אין זיך, און האַלט זיך פאַר אַ שמעקנדיקער רויז צווישן דערנער.

וועגן לאַרי־דזשימין האָט דזשעספּער געטראַכט, אַז ער איז אַ וואוילער בחור. ער ווייסט וואָס ער רעדט. דזשעספּער האָט זיך אַריינגעטראַכט אין לאַרים רעדע וועגן די נעגער־סאָלדאַטן: „מיר וועלן זיך נאָך באַגעגענען אינעם אומפאַרמיידלעכן קאַמף פאַר אונדזערע רעכט", — האָט לאַרי געזאָגט, בראַוואָ! גוט געזאָגט, לאַרי!

וועגן לאַרים פאָטער, ביג דזשים, האָט דזשעספּער געטראַכט, אַז ער, ביג דזשים, איז אַ רואיקער און גוטמוטיקער מענטש. אמת, ער האָט אים פּראָ־וואָצירט מיט זיין פראַגע וועגן גלויבן אין גאָט, אָבער מען דאַרף אים אויפ־קלערן וועגן די רייכע נעגערס, וואָס ווייכן פון די אָרעמע. ס׳איז גוט צו האָבן אַזעלכע פריינט.

נאָר מער פון אַלע האָט דזשעספּער געטראַכט וועגן דער סוזין, אַ בילד־שיינהייט! ווי קומט עס וואָס זי איז אַליין? דזשעספּער האָט זיך דערמאָנט, אַז בעת זיי האָבן זיך געזעגנט, האָט אים סוזי שטאַרק געדריקט די האַנט. זי האָט אים עפּעס געזאָגט, נאָר ער געדענקט שוין נישט וואָס. ער איז געווען שטאַרק צעטומלט, ווען ער האָט באַטראַכט איר שיין פּנים. ער האָט געטראַכט, אַז סוזי מוז זיין אַן ערך אין זיינע יאָרן, אַרום דרייסיק אָדער מער אַביסל. זי

איז דאָך געווען די שענסטע צווישן אַלע געסט. מען וואָלט זיך מיט איר גע־דאַרפֿט טרעפֿן, — האָט ער באַשלאָסן.

ווען דזשעספּער האָט דערהאַלטן אַן איינלאַדונג צו קומען צו ביג דזשימין אויף אָוונט־ברויט, האָט ער זיך אויסגעפּוצט אין זיינע שענסטע קליידער און איז אַ גאַנצן טאָג אַרומגעגאַנגען אָנגעשפּאַנט, פֿול מיט דערוואַרטונג.

ביים עסן האָט ער זיך געהאַלטן זייער העפֿלעך, האָט גערולדיק אויסגע־הערט וואָס דזשים און די פֿרויען האָבן גערעדט און געמאָסטן זיינע אייגענע רייד, אַרויסגעוויזן די גרעסטע העפֿלעכקייט. מען האָט געהאַלטן אין איין רעדן וועגן דעם זון לאַרי, וועגן זיינע בריוו. דזשעספּער האָט נאָך דעם דערציילט וועגן זיינע איבערלעבונגען אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, און ווי אַזוי ער האָט זיך אויסגעלערנט פֿאַרריכטן אַלטע ראַדיאָס, און בויען נייע, ווי אַזוי ער האָט זיך געלערנט לייענען און שרייבן.

— איך האָב געהערט, אַז איר האָט הונדערט ביכער? איז עס אמת? — האָט סוזי געפֿרעגט.

— ווען עס וואָלט נישט געקלונגען ווי באַרימעריי, וואָלט איך געזאָגט, אַז איך האָב צוויי מאָל אַזויפֿיל ביכער, — האָט דזשעספּער געענטפֿערט.

— און איר האָט זיי אַלע איבערגעלייענט?

— אַ גרויסן טייל געלייענט, די אַנדערע דאַרפֿן נאָך געלייענט ווערן. דאָס לייענען איז, לויט מיין איבערצייגונג, נייטיק, און ס'איז אין דער זעל־בער צייט אַ געוואוינהייט און אַ פֿאַרגעניגן.

די פֿאַמיליע האָט זיך געבעטן ביים גאַסט ער זאָל זיך נישט איילן, אָבער ער האָט דאָ נישט געוואָלט צופֿיל פֿאַרברענגען ביים ערשטן באַזוך, האָט ער זיי געדאַנקט און זיי האָבן אים געבעטן ער זאָל פֿון היינט אָן נישט זיין קיין פֿרעמדער און קומען וואָס אָפֿטער.

פֿאַרן אַוועקגיין האָט זיך סוזי אַליין אָנגעבאָטן אים צו באַגלייטן. דזשעס־פּער האָט איר געזאָגט, אַז אויף אַזאַ פֿאַרגעניגן האָט ער זיך גאָרנישט גע־ריכט . . .

— און איך האָב זיך דווקא יאָ געריכט! — האָט סוזי געזאָגט בעת זייער שפּאַציר, און האָט צוגעגעבן, אַז זי האָט זיך גאָרנישט גענאַרט.

דזשעספּער, וואָס איז אַביסל צעטומלט געוואָרן פֿון סוזיס קאָמפּלימענט, האָט שטיל געשטאַמלט: — סוזי, היינט האָב איך געהאַט איינעם פֿון מיינע שענסטע אָוונטן!

— קיינער וועט אונדז נישט שטערן צו האָבן נאָך אַזעלכע אָוונטן, דזשעס־פּער, — האָט אים סוזי געזאָגט. ביי די רייד איז דזשעספּער אַרומגעכאַפּט

געוואָרן פון אַ מאָדנער פרייד. ער האָט געפילט, אַז ער דאַרף איצט זאָגן עפּעס גאָר וויכטיקע ווערטער, אַז ער דאַרף זאָגן סוזין, אַז ער איז שטאַרק גליקלעך און איז איר טיף דאַנקבאַר פאַר איר שפּאַצירן מיט אים היינט און פאַרן צוזאָג צו פאַרברענגען אין איר געזעלשאַפט אין דער צוקונפט. נאָר איצט איז דער באַריידעוודיקער און שנעל־טראַכטנדיקער דזשעספּער געבליבן שטום, נישט געהאַט דאָס פּאַסיקע וואָרט.

סוזי האָט אַראָפּגעלייענט זיינע מחשבות, און ס'האָט איר שטאַרק הנאה געטאָן.

ביים געזעגענען זיך האָט דזשעספּער זיך אָנגעבויגן און איר אַ קוש געטאָן אין דער האַנט, וואָס ער האָט געהאַלטן אין זיינער. צעטומלט האָט אים סוזי אַ גלעט געטאָן די שוואַרץ־געדיכטע געקרייזלטקייט אויפן קאָפּ און אים האָפערדיק געפרעגט:

— פאַרוואָס, טייערער, עפּעס די האַנט, איך האָב דען נישט קיין ליפּן ?...

:: :: ::

שוין אַ לענגערע צייט אַז סוזי האָט געטראַכט וועגן איבעררייסן אירע באַציאונגען מיט לאַרי בראַון. זי איז קיינמאָל נישט געוועזן זיכער צי לאַרי מיינט ערנסט מיט זיינע אַלע צוזאָגן. נאָר איר הייסע ליבע צו אים האָט זי אַזוי פאַרשלונגען, אַז זי האָט וועגן דעם נישט געטראַכט צופיל. זי האָט ליב געהאַט זיינע געדיכטע בלאָנדע האָר און די גרויסע בלויע אויגן. זי האָט ליב געהאַט זיין ווייסן בויגעוודיקן קערפּער, זיין זיסן שמייכל, און זיין חן־גריבעלע אויף דער לינקער באַק האָט זי ממש פאַר'שיכור'ט. כאָטש זי האָט צופיל נישט געגלייבט אין זיינע הבטחות, פלעגט זי שעפּן נחת פון זיינע רייד און אָנגעמען זיינע דערקלערונגען, אַז אַזוי לאַנג ווי זיין פאָטער לעבט, מוז ער האַלטן זייער ליבע פאַר אַ סוד, אָבער ווי נאָר דער אַלטער וועט צומאַכן די אויגן, ווערט ער אַ פרייער מענטש. לאַרי פלעגט צו איר זאָגן:

— טייערע סוזי, ווען דו קאָנסט מיין טאַטע. מען מיינט, אַז ער איז אַ ליבער און צוגעלאָזענער מענטש, נאָר איך, מיין מאַמע און מיין ברודער ווייסן בעסער: ער איז אַן אכזר, טאָמער ווערט ער אין כעס, קאָן ער ממית'ן זיין אייגענעם זון. מיר מוזן זיך היטן. ער קאָן אונדז ביידן דערשיסן. זאָל ער זיך אָפּטראָגן און פיר און צוואַנציק שעה נאָך זיין לוויה עפנט זיך אַ נייע וועלט פאַר אונדז ביידן . . .

טשאַרלי בראַון האָט אָבער נישט געהאַט בדעה אַזוי שנעל צו פאַרלאָזן

די זינדיקע וועלט, און לאַרי־סוזיס ליבע האָט זיך דערפאַר געשלעפּט פון איין יאָר צום אַנדערן און איז געווען אַ סוד . . .

אין אַ שיינעם טאָג, ווען סוזי האָט געהערט אַז „איר" לאַרי האָט חתונה געהאַט, איז זי אַריינגעפאַלן אין אַ היסטעריע, און געהאַלטן אין איין שרייען, אַז זי גלייבט נישט, עס קאָן נישט זיין! נאָכדעם האָט זי אים געזאָגט, אַז מער גלייבט זי אים נישט, זי וויל אים פאַר די אויגן נישט זען, זאָל ער פאַר־געסן אין איר.

לאַרי האָט זי געפּרואווט באַרואיקן. גע׳טענה׳ט, אַז ער האָט אפילו זיין ווייב נישט געקענט. דאָס האָט זיין טאַטע אים צונויפגעפּאָרט מיט זיין פריינטס טאָכטער און אים געצוואונגען חתונה צו האָבן מיט איר. ער האָט געמוזט פאָלגן, ווי זיין עלטערער ברודער. דעם אַלטן טאָר מען נישט ווידער־שפּעניקן.

— און וואָס וואָלט געשען, ווען דו פאָלגסט אים נישט? — האָט אים סוזי געפרעגט.

— וואָס רעדסטו, סוזי? ער וואָלט מיך דאָך מיך אַרויסגעיאָגט פון הויז, מיך געלאָזט שטאַרבן פון הונגער. דו שפּילסט זיך מיט דעם אַלטן. ס׳איז דאָך זיין געהיל׳ץ־געשעפט! גלייב מיר, סוזי, נאָר דיך האָב איך ליב. מיין ווייב מיינט פאַר מיר גאָרנישט. האָב געדולד. זאָל זיך דער אַלטער אָפּטראָגן, דעמאָלט וועסטו זיין די איינציקע ביי מיר.

ענדלעך האָט זיך סוזי געלאָזט באַרואיקן. געטראַכט אַז ער איז נעבעך אַ שוואַכלינג, דערצו פירן זיך אפשר אַזוי די ווייסע. דער טאַטע איז דער גאָט פון דער משפּחה!

נאָר ווען לאַרי איז געוואָרן דער טאַטע פון אַ קינד, האָט שוין סוזי באַ־שלאָסן: גענוג!

איר ליבע צו לאַרין האָט זיך אויסגעלאָשן. זי האָט אים געזאָגט:

— גענוג! מער ווייז זיך נישט. איך וויל דיך מער נישט אָנקוקן. שוין צייט אַז איך זאָל ערנסט אַ טראַכט טאָן וועגן חתונה האָבן. איך בין אויך אַ מענטש.

— ביסט אַן אַלטע צויג, — האָט לאַרי הילכיק געלאַכט, — ווער וועט וועלן חתונה האָבן מיט דיר? סיידן אַן אַלמן מיט זעקס קינדער, אָדער אפשר אַ קריפּל!

סוזי איז אַרויסגעלאָפן פון הויז ווי עמעצער וואָלט זי געטריבן מיט אַ בייטש.

לאַרי האָט געוואַרט אויף איר אַ לאַנגע צייט און נאָכדעם איז ער אַ צע־

רייצטער, ווי אַז אומבאַפּרידיקטע חיה, אַוועק אַז אַנגעלאָדענער מיט צאָרן און באַליידיקונג:

— אַזאַ פֿאַר׳עיפּוש׳טע נעגערטע, האָט מיד געלאָזן וואַרטן אויף איר ווי איך וואָלט געווען אַ בלודנער הונט, אַזאַ חוצפּה! זי וועט טייער באַצאָלן! ס׳וועט איר באַנג טאָן. איך וועל זי אָנלערנען. מען טאָר זיי נישט באַהאַנדלען מיט זיידענע הענטשקעס. זי האָט שוין, ווייזט אויס, פֿאַרגעסן, אַז זי איז אַ נעגערטע, וועל איך עס איר דערמאָנען!... די שפּראָך פֿון מיין פֿויסט וועט זי פֿאַרשטיין.

נאָר אַז ער איז מיט אַ וואָך שפּעטער ווידער געקומען צו איר, האָט זי אים נישט אַריבערגעלאָזן די שוועל. ער האָט געקלאַפּט אין דער טיר, אין די פֿענצטער. זיך געבעטן ביי איר: — לאָז מיך אַריין! נאָר זי האָט אויסגעלאָשן די לאָמפּן און ער איז אַוועק און געפּיבערט פֿון צאָרן.

— גענוג זיך געבעטן. מער גייט ער נישט. עס איז אונטער מיין כבוד זיך צו בעטן ביי דער שוואַרצער צוויג, — האָט ער ביי זיך אָפּגעמאַכט, — נאָך אַלעמען קאָן ער באַקומען אַנדערע, שענערע און יינגערע ווי סוזי. פֿאַר געלט באַקומט מען אַלץ... — האָט ער זיך באַרואיקט.

לאַרי בראַון האָט זיך אַריינגעלאָזן אין הוליאַנקעס, אין קאָרטן־שפּילן, כדי צו פֿאַרגעסן אין סוזין. עס האָבן זיך אין אים אָפּט דערוועקט חרטה־מחשבות. נאָך אַלעמען, — האָט ער זיך אַליין געזאָגט, — האָב איך זי באַליידיקט, אָפּגעלאַכט פֿון איר ווען זי האָט מיר געזאָגט אַז זי טראַכט וועגן חתונה האָבן. די נעגערס זענען אויך מענטשן, און ווילן נישט ווערן קיין אָביעקט פֿאַר שפּאַס פֿון די ווייסע... עס איז אים גאָר איינגעפֿאַלן אַז זיינע באַליידיקנדיקע רייד אויף איר חשבון האָט זיך גענומען פֿון דעם וואָס ער האָט סוזין אפֿשר קיינמאָל ערנסט נישט ליב געהאַט. עס איז בלויז געווען אַ מין ליידנשאַפֿטלעכער גענוס, אַ מין באַגעגעניש צווישן אַז „ער" און אַ „זי", וואָס פֿלאַקערט אויף און לעשט זיך אויס. ס׳איז אפֿשר גאָרנישט מעגלעך, אַז אַ ווייסער, און דערצו נאָך אַזאַ איינער ווי ער, אַ זון פֿון אַ בכבוד׳יקער פֿאַמיליע, זאָל אויף אַן אמת ליב האָבן אַ נעגערטע. לאַרי האָט זיך דערמאָנט אין זיינעם אַ רייכן פֿריינט, וואָס האָט זיך אַמאָל פֿאַרליבט אין אַ ווייסער אָרעמער מיידל פֿון נידעריקן קלאַס, אָבער זיי זענען ביידע געווען ווייסע. אָבער ער און סוזי — צוויי ווייטע וועלטן... דאָס איז פּשוט קעגן די געזעצן פֿון דער נאַטור... מען דאַרף פֿאַרגעסן וואָס איז געווען, און גענוג!

לאַרי האָט אָבער נישט געקאָנט פֿאַרגעסן די טעג און וואָכן, חדשים און יאָרן וואָס ער האָט פֿאַרבראַכט מיט סוזין, ווען יעדן פֿרייען אָוונט פֿלעגט ער

לויפן צו איר. און אַז ער האָט זי דערזען פון דער ווייטנס סוזין, פלעגט ער אינגאַנצן אָנהייבן ציטערן פון אויפרעגונג, און אַז עס זענען אַוועק עטלעכע טעג און ער האָט זי נישט געזען, פלעגט ער ברענען פון אומגעדולד. ער האָט ווידער אָנגעהויבן טראַכטן, אַז ער האָט זי טאַקע ליב. ווען ער וואָלט זיין אייגן ווייב כאָטש אַ העלפט ליב געהאַט ווי איר, וואָלט אים גרינגער געווען זי, סוזין, צו פאַרגעסן . . . זיכער בין איך שולדיק, — האָט ער באַשלאָסן. נישט געדאַרפט זי באַליידיקן. ער מוז זי איבערבעטן. יאָ, ער מוז . . .

כדי צו דערטרינקען זיין בענקשאַפט און זיין אומרו, האָט ער זיך אַריינ־געלאָזן אין שיכרות. אין שיכור'ן צושטאַנד האָט ער באַשלאָסן, אַז אַלץ וואָס ער דאַרף טאָן. איז אַריבערגיין צו איר און זי איבערבעטן. זי וועט אים אַלץ מוחל זיין. ער איז זיכער, אַז זי בענקט נאָך אים און וואַרט אויף אים.

לאַרי האָט אָפּגעשטעלט זיין אויטאָמאָביל נישט ווייט פון דזשימס סאַ־לון. סוזיס הויז איז געווען איינגעהילט אין אַ געדיכטער פינצטערניש. ער איז לאַנג געזעסן אין זיין אויטאָמאָביל און האָט נישט געקאָנט באַשליסן צי ער זאָל זי אויפוועקן.

ער האָט אַ דריק געטאָן די עפענונג פון זיין „גלאָוו קאָמפּאַרטמענט" (אינעווייניקסטע שאַפע), וואו עס זענען געלעגן זיין רעוואָלווער און אַ פלעשל בראָנפן און האָט גענומען זופן פונעם פלעשל.

— ניין, איך וועל זי נישט אויפוועקן, זי וועט זיין אין אַ שלעכטער שטימונג, בעסער אָפּלייגן אויף מאָרגן און זי טרעפן אַ וואָכע. נאָר אפשר זי יאָ אויפוועקן?

פלוצים האָט ער דערזען אַ פּאָרל שפּאַצירן געמיטלעך לעבן סאַלון. ביים קאַרגן שיין פון בלאַסן ליכט איבערן שילדל, האָט ער זי דערקענט: — יאָ, סוזי! — „מיין סוזי" מיט אַ נעגער?

ער האָט געזען ווי דער נעגער האָט אַרומגענומען סוזין און איר אַ קוש געטאָן.

לאַרי האָט אויפגעציטערט פון כעס: — אַזוי גאָר? אַ פּאַר'עיפּוש'טער נעגער פאַרנעמט לאַריס פּלאַץ . . . עס האָט אים געוואָרן ווי אין אַ פיבער.

סוזי איז אַריין אין הויז. דער נעגער איז אַוועק אין דער לינקער ריכטונג פונעם גערטנדל. לאַרי האָט גענומען דעם רעוואָלווער, אים אַריינגעלייגט אין קעשענע, און איז אַרויסגעשפּרונגען פון אויטאָמאָביל.

— העי, דו! — האָט ער נאָכגעשריגן דעם נעגער.

דזשעספּער האָט זיך אַרומגעקוקט.

— די סוזי איז מיינע, דו הערסט? מיינע! — האָט ער געשיפּעט. — זאָלסט מער זיך נישט דערוועגן צו באַווייזן מיט איר.

— זי איז דיינע, זאָגסטו? האָסט זי אפשר געקויפט אויפן „אָוקשאָן בלאָק" (ליציטאַציע קלאָץ) ? — האָט דזשעספּער רואיק געפרעגט.

— יאָ, אויפן אָוקשאָן בלאָק. וועסט זיך נאָכאַמאָל באַווייזן אין איר קאָמפּאַני דערשים איך דיך ווי אַ הונט! הערסט וואָס מען רעדט צו דיר, לוויזיקער ניגער!

— ביזט משוגע צי שיכור? ס'איז נישט דיין געשעפט און דו פּאַרנעם זיך, גיי ניכטער זיך אויס. אויפן וועג מעגסטו ברעכן האַלדז און נאַקן, — האָט אים דזשעספּער געענטפערט און זיך דערווייטערט פון אים.

אַ שאָס פון רעוואָלווער האָט אויפגעריסן די ביינאַכטיקע שטילקייט. דזשעספּער איז אומגעפאַלן.

לאַרי איז אַריינגעלאָפן אין זיין אויטאָמאָביל און איז פאַרשוואונדן.

מיט זיינע לעצטע כוחות איז דזשעספּער צוגעקראָכן צו סוזיס שטיבל און ווי נאָר זי האָט געעפנט די טיר איז ער געפאַלן אַ באַוואוסטלאָזער אויף דער שוועל.

סוזי האָט אויפגעוועקט דזשימין, מען האָט טעלעפאָנירט נאָך אַן אַמבו־לאַנס, וואָס האָט אַוועקגעפירט דזשעספּערן אין שפּיטאָל. ער איז דאָרט גע־לעגן מיט אַן אָנגעגריפענעם ביין אין רעכטן אַקסל, וואו די קויל האָט געטראָפן.

ווען דזשים מיט סוזין זענען אינדערפרי געקומען אין שפּיטאָל, האָט זיי דער דאָקטאָר פאַרזיכערט, אַז קיין געפאַר איז נישטאָ. דזשעספּער וועט בלייבן לעבן, נאָר ער וועט אַ לאַנגע צייט נישט קאָנען באַוועגן מיט זיין האַנט.

דזשעספּער האָט שפּעטער דערציילט ביג דזשימין וואָס עס איז געשען, אַז אַ ווייסער מאַן האָט אויף אים געשאָסן און אים געבעטן ער זאָל נישט דער־ציילן סוזין, איר נישט פאַרשאַפן קיין עגמת נפש. זי קאָן נאָך טראַכטן אַז זי איז געווען די אורזאַך פון דער טראַגעדיע. — מיין פריינטשאַפט מיט סוזין טאָר נישט געשטערט ווערן. פאַרשטייסט?

דזשים האָט פאַרשטאַנען און געשמייכלט:

— גערעכט, דזשעספּער, סוזי דאַרף נישט וויסן וועגן אונדזער געשפּרעך.

— וועסט זיין גליקלעך מיט סוזין, ווי איך בין מיט נענסין, — האָט דזשים גערעדט מיט באַהאַלטענער פרייד, געמישט מיט ווייטיק, ווען ער האָט זיך דערמאָנט אין לאַרי בראַון, דעם ווייסן שיכור.

דזשים האָט גוט געוואוסט, אַז מען וועט לאַרי בראַון נישט באַשטראָפן. ווער וועט זיך וועלן אָנהייבן מיט זיין רייכן טאַטן, טשאַרלס בראַון, דעם אייגנטימער פון געהילץ־סקלאַד? אַ מיטגליד פון דירעקטאָרן־באַאָרד פון דער

באַנק און דערצו נאָך דער פּרעזידענט פון די זין פון „אַמעריקאַנער דעמאָ־קראַטיע", אַ פילאַנטראָפּ און איינפלוסרייכער פּאָליטישן.

חוץ דעם זענען דערביי נישט געווען קיין עדות. ווען וועט דער ריכטער מער גלייבן, דעם נעגער דזשעספּער, אָדער בראַונס זינדל? ער, לאַרי, וועט זיך שוין באַזאָרגן מיט עדות, וואָס וועלן שווערן, אַז ער איז גאָר געווען פופציק מייל ווייט פון דעם אָרט, וואו מען האָט געשאָסן אויף דזשעספּערן. פונדעסט־וועגן האָט דזשים געטראַכט, אַז ער מוז עפּעס טאָן, כדי לאַרי בראַון זאָל צו־רו לאָזן דזשעספּערן מיט סוזין.

דזשים האָט געוואוסט, אַז סוזי איז פאַרליבט אין דזשעספּערן און וועט מיט לאַרי בראַון קיינמאָל מער נישט האָבן צו טאָן, אָבער וואָס טוט מען, אַז דער שיכור'ער לאַרי זאָל זיך אָפּטשעפּען פון סוזין? עפּעס מוז מען גלייך טאָן, כדי צו פאַרמיידן אַ נייע טראַגעדיע. עס איז אים איינגעפאַלן ער זאָל רעדן מיט לאַרין אַליין, נאָר ער האָט זיך באַלד געכאַפּט, אַז עס איז אַרויס־געוואָרפן די אַרבעט. אפשר זאָל ער רעדן מיט לאַרים ברודער, עדי, אָבער עדי איז נאָך ערגער פון לאַרין.

מען דאַרף גיין צום קאָפּ! צום באָס! — פאַרן אַלטן טשאַרלס בראַון, ווייסט ער, האָט לאַרי מורא. פאַראַן אַן איינגעשטעלטע מאָראַל ביי די ווייסע: היטן דעם כבוד פון דער ווייסער פאַמיליע. טשאַרלס בראַון וועט אַלץ טאָן כדי נישט דערלאָזן, אַז עס זאָלן אין זיין פאַמיליע פאָרקומען סקאַנדאַלן. די בעסטע זאַך איז רעדן צו טשאַרלס בראַון. נאָך היינט וועט ער אַריבערגיין צו אים, — האָט דזשים ביי זיך אָפּגעמאַכט.

## 4

# לאַרי האָט געשאָסן אויפן נעגער...

דער אַלטער בראַון האָט דזשימין אויפגענומען ווי אַן אַלטן גוטן פריינט:
— וואָס מאַכסטו? שוין דיך לאַנג נישט געזען. בויסט שוין ווידער אַ הויז? — האָט טשאַרלס געפרעגט דזשימין.
— נאָו סער, באָס! — האָט דזשים געזאָגט, — איך בוי נישט קיין הויז. איך בין געקומען צו אייך וועגן אַ וויכטיקער זאַך.
— אַ וויכטיקער זאַך, וואָס? ביסט אויף צרות, דזשים? האָסט עפּעס אָפּגעטאָן? קום אַריין אין מיין אָפיס וועלן מיר רעדן.
דזשים האָט פריער געוואוסט, וואָס ער גרייט זיך זאָגן דעם אַלטן בראַונען, נאָר ווי נאָר ער איז אַריין אין זיין פּריוואַטן צימער, איז ער עפּעס צעטומלט געוואָרן און ס'איז אים שווער געווען צונויפצונעמען די געדאַנקען.
— דזשים, וואָס קאָן איך טאָן פאַר דיר? וואָס האָסטו אָפּגעטאָן אַזוינס? שרעק זיך נישט, רעד!
ענדלעך האָט דזשים אַרויסגעשטאַמלט פאַר אים די גאַנצע געשיכטע.
— וואָס פאַלט דיר איין אַז לאַרי האָט געשאָסן אויפן ניגער? — האָט טשאַרלס בראַון געפרעגט מיט אַ קאַלטן גלייכגילטיקן טאָן, ווי דער גאַנצער שמועס וואָלט זיך נישט געלוינט. — מיין זון? ס'קאָן נישט זיין! מאַכסט אַ טעות.
— ס'איז צוליב סוזין, מיסטער בראַון, זיי האָבן זיך אַ לאַנגע צייט באַגעגנט, געווען נאָענט עטלעכע יאָר. סוזי האָט מיט אים אָפּגעבראָכן. זי לאָזט אים מער נישט אַריין אין איר הויז און דער פאַרוואונדעטער נעגער איז איר חתן. לאַרי טענה'ט אָבער, אַז סוזי איז נאָך אַלץ זיינע.
— נאַרישקייטן, דזשים. ביסט, דאַכט זיך, אַ קלוגער נעגער. נאָר דו רעדסט נאַרישקייטן. דאָס האָט דיין שוועגערין אויסגעטראַכט אַז לאַרי איז פאַרקאָכט אין איר. גלייב איר נישט. מיין זון איז אַ פאַרהייראַטער מאַן, אַ פאָטער פון אַ קינד און וועט נישט האָבן צו טאָן מיט אַ נעגערטע, ווען זי וואָלט אַפילו געווען די שענסטע פּרינצעסין פון אַפריקע. לאַרי איז אַ שטילער מענטש, און ער וועט נישט שיסן אויף קיין מענטשן, אויך נישט אויף אַ נעגער. פאַרגעס! פּוסטע מעשיות.
— אָבער, מיסטער בראַון, איך האָב מורא, אַז לאַרי וועט נאָך אַמאָל, ווער ווייסט? — — —

— נישט געזאָרגט, דזשים. איך וועל אַ שמועס טאָן מיט אים. לאָז עס איבער צו מיר. פאָלג מיך און פאַרגעס די גאַנצע נאַרישע געשיכטע.

נאָך איידער דזשים האָט באַוויזן צו פאַרמאַכן די טיר פון בראַונס אָפיס, האָט זיך טשאַרלס רואיקייט אָפּגעטאָן פון אים. ער איז געבליבן זיצן אַ ווײַלע אַ צעטומלטער, דערנאָך געעפנט די טיר פון זײַן בוכהאַלטערס אָפיס און אויסגערופן מיט צאָרן:

— פעליקס, רוף אַרײַן לאַרין, אָבער שוין, די מינוט, ריר זיך!

— יעס סער! — האָט פעליקס, דער בוכהאַלטער, אויפגעהויבן די אויגן פונעם בוך מיט חשבונות.

— און געדענק, אויף אַ גאַנצער שעה זאָלסטו אָפּשטעלן אַלע מײַנע טעלעפאָן־פאַרבינדונגען, דו הערסט?

— יעס, סער! — האָט זיך פעליקס אויפגעהויבן, און געטראַכט אַז לאַרין איז שוין נישטאָ וואָס מקנא צו זײַן, אויב דער אַלטער איז אין כעס...

ווען לאַרי האָט זיך באַוויזן האָט דער אַלטער בראַון פאַרשלאָסן די טיר און באַפוילן דעם זון זיך אַוועקזעצן. לאַרי איז בלאַס געוואָרן, געפילט, אַז דער שטורעם וועט באַלד אויסברעכן.

— לאַרי, איך וויל הערן דעם אמת, פאַרשטייסט? דעם גאַנצן אמת. וועט זײַן בעסער פאַר אונדז ביידן, — האָט טשאַרלס אָנגעהויבן.

— יעס סער, — האָט לאַרי געזאָגט שטיל.

— וואו ביזטו געווען לעצטן שבת אָונט, לאַרי?

לאַרי האָט שוין צוגעגרייט פאַרטיקע עדות, און האָט גלייך געענטפערט רואיק, — שבת בין איך געווען אין ניקס פּול־רום, געשפּילט מיט די סמיט ברידער. דערנאָך זענען מיר געגאַנגען אין „דזשאָנגל" סאַלון. דאָרט פאַרבראַכט ביז האַלבער נאַכט. נישט געטרונקען צופיל, בלויז אַ ביסל...

כאָטש דער אַלטער האָט נישט געגלייבט לאַריס תירוצים, איז ער דאָך געווען צופרידן וואָס דער זון ענטפערט גלאַטיק, שוין צו־רואיק.

— און אין דער געגנט ביסטו נישט געווען שבת אָוונט?

— וואָס האָב איך דאָ צו טאָן?

דער אַלטער האָט אָנגעצונדן אַ ציגאַר, פאַררויכערט און ווייטער גערעדט געלאַסן: — סוזין קענסטו?

— סוזין, סוזי, וועלכע סוזי? מיינסט דזשימ׳ס שוועגערין? זי קען איך.

— פונוואַנען קענסטו זי?

— איך בין נישט דער איינציקער וואָס קען זי...

— לאַרי, איך וויל דעם אמת, — האָט דער אַלטער אַ געשריי געטאָן, —

זאָג מיר ווי לאַנג איז, אַז דו האָסט געהאַט באַציאונגען מיט דער נעגערטע?

לאַרין איז געוואָרן טרוקן אין מויל און זיינע ליפּן האָבן אָנגעהויבן ציטערן. ער האָט געמורמלט מיט הפסקות:

— וואָס פאַר אַ באַציאונגען? איך בין נישט דער איינציקער. מיר זענען אַלע געווען יונג, און האָבן געהאַלטן דזשימס סאַלון פאַר אַן אָנשטענדיקן פּלאַץ . . .

דער אַלטער האָט אים אָפּגעהאַקט:

—סוזים הויז האָסטו באַטראַכט פאַר אַ בכבוד'יק פּלאַץ? עס האָט אייך אויסגעפּעלט ווייסע נקבות? איר מוזט קריכן צו די נעגערטעס, ווי חזירים, וואָס ראַיען זיך אין שמוץ! אַ פיינעם זון האָב איך אויסגעהאָדעוועט, נישטאָ וואָס צו רעדן. טאָמער וועל איך אויסגעפינען אַז דו האָסט אויסגערעדט אַ וואָרט מיט דער נעגערשער זונה, אָדער ביסט געווען אין דזשימס סאַלון, וועל איך דיך פּאַרטרייבן פון מיין הויז, דיך לאָזן פּגר'ן פון הונגער. אַ בעטלער וועסטו ביי מיר ווערן. דו מעגסט זיך גרייטן צו געזעגענען זיך מיט דעם טאַטנס פעטע טשעקס, וואָס באַקומסט פאַר גאָרנישט. געדענק, לאַרי, רעד זיך נישט איין, אַז איך גלייב איין וואָרט וואָס דו זאָגסט . . .

לאַרי האָט געשוויגן, און זיך געווישט דעם שוויים מיט זיין ווייס טיכעלע. דער אַלטער בראַון האָט געזען זיין שוויים־באַגאָסענעם פּנים, און ס'האָט אים פאַרקלעמט ביים האַרץ. ער האָט גערעדט שטילער און ווייכער:

— קוק זיך נאָר אָן אין שפּיגל. ביסט בלאָס ווי אַ פּגר. זיצסט און שווייגסט ווי אַן אָפּגעשמיסענער, ווי אַ פאַר'משפט'ער צום טויט. אַז איך הייב דיך נישט אָן צו פאַרשטיין! וואָס וויל איך דען פון דיר? האָסט אַ פיינע היים, אַ גוט ווייב, אַ געראָטן קינד, עס פעלט דיר נישט קיין געלט. ווילסט אַ לעב טאָן, לעב! ווער שטערט דיר? נאָר האָב שכל, שכל, לאַרי! היט דעם גוטן נאָמען פון דער בראַון פאַמיליע. פאַרפלעק נישט אונדזע רעפּוטאַציע . . .

ווען לאַרי בראַון איז אַרויס פון טאַטנס אָפיס, איז דער אַלטער געבליבן זיצן אַ פאַרזונקענער אין מחשבות. ער האָט זיך געפילט מיד, אויסגעשעפּט. ער האָט אַוועקגעלייגט דעם האַלב־אויסגערויכערטן ציגאַר אין גרויסן אַשטעצל, איז צוגעגאַנגען צום מאַהאָגענעם פעסעלע, אַ דריק געטאָן אַ טירל, וואָס האָט זיך געעפנט, און האָט אַרויסגענומען אַ פלעשל קאָניאַק און אַ גלעזל, אָנגעגאָסן אַ גלעזל און איבערגעקערט די בורשטינענע פליסיקייט אין האַלדז אריין. ער האָט דערפילט אַ דעליקאַטן ברי אין די געדערים און זיך אָנגעגאָסן נאָך אַ גלעזל און אויסגעטרונקען. אַ וואַרעמקייט איז זיך צעגאַנגען אין זיינע גלידער. איצט האָט ער זיך דערשפּירט פרישער.

ער האָט זיך ווידער אַריינגעזעצט אין זיין באַקוועמען פּאַטער־שטול, פאַררויכערט אַ ציגאַר און געבלאָזן וואָלקנס בלוילעכן ציגאַר־רויך, וואָס האָט פאַרשפּרייט אַן אָנגענעמען ריח. ווי אַ דאָקטאָר וואָס באַטראַכט אַן ערנסטע וואונד, האָט טשאַרלס בראַון אָנגעהויבן באַקלערן דעם גאַנצן עניין.

ער האָט איבערגעטראַכט אין געדאַנק אַלץ וואָס דזשים האָט אים דער־ציילט, דערנאָך די ענטפּערס פון זיין זון, געזען פאַר זיך לאַריס בלאַסן פּנים, און די ציטערדיקע ליפּן, געזען ווי דער שווייס איז גערונען איבער לאַריס פּנים.

ער האָט זיך ווידער אָנגעבויגן, צוגעלייגט דעם גראָבן ציגאַר צום אַש־טעצל, אָפּגעטרייסלט אַ ביסל אַש, און פאַרטראַכטערהייט געזאָגט צו זיך אַליין:

— די גאַנצע מעשה עיפּוש'ט!*

ער האָט זיך אויפגעהויבן, איז צוגעגאַנגען מיט געמאָסטענע טריט צום פענצטער, פונאַנדערגעשאַרט דאָס ווייסע פאַרהענגל און געקוקט אויף צוויי גלייכע שורות פּאַלמען־ביימער. זיין זאָרג איז געשטיגן.

נאָכדעם האָט ער זיך ווידער אַריינגעזעצט אין זיין שטול, פאַררויכערט אַ נייעם ציגאַר, און ווי אַלעמאָל ווען ער באַטראַכט אַ שווערע פּראָבלעם, האָט זיין מוח געאַרבעט קלאָר און פּינקטלעך.

— הימל און ערד האָבן געשוואוירן, אַז עס זאָלן נישט זיין קיין סודות, — האָט ער געטראַכט, — פריער אָדער שפּעטער וועט די גאַנצע זאַך אויס־רינען. געוויס, אַז איינער פון די לויזיקע נעגערס זאָל אָנהייבן פּלאַפּלען, דזשים, סוזי אָדער דער נעגער אַליין, וואָס וועט דערציילן זיינע פריינט פאַרוואָס לאַרי האָט געשאָסן אויף אים. דערצו האָט דאָס שטעטל פּאַראַדיז ליב רכילות, און די רכילות־טרייבער וועלן צולייגן, באַפּוצן, באַזאַלצן און באַפּעפּערן און אַלע וועלן זיך באַלעקן, אָנקוועלן פון דער פּעפּערדיקער מעשה. דאָס איז דאָך אַ קיצלדיקע געשיכטע. באַלד וועלן די רכילות'ניקעס צעקלינגען: „לאַרי בראַון איז משוגע פאַרליבט אין דער נעגער־פּראָסטיטוטקע. שוין יאָרן אַז ער ווערט פאַרצערט פון ליבע צו איר . . . צום סוף האָט אים די זונה פאַרטריבן, ווייל זי האָט זיך פאַרליבט אין אַ נעגער, איז ער, לאַרי, געוואָרן פאַרצווייפלט, פאַר־ביטערט פון קנאה און . . . ער האָט געשאָסן אויף דעם נעגער, אויף דעם קאָנ־קורענט . . . אַ שיינע מעשה! אַזאַ יאָר אויף זיינע שונאים!"

— נו־נו, וועט זיך דאָס שטעטל קוויקן מיט דער געשיכטע! עס פעלן אים דען שונאים? זיי ליגן איינגעלייגט אין די לעכער און האָבן מורא, אָבער איצט? איצט האָבן זיי געלעגנהייטן צו עפענען זייערע מיילער און אים

באשמוצן, פאַרוואַרפן זיין גאַנצע פאַמיליע מיט בלאָטע. זיי וועלן פויקן אין די טאָצן און אַלע וועלן הירזשען פון געלעכטער איבער זיין בראָך. יאָ, יאָ, אַ שיינע געשיכטע . . .

— נייז, ניין ! — האָט דער אַלטער טשאַרלס אַ זעץ געטאָן מיט דער האַנט אויפן שרייב־טיש, — נישט דערלעבן זאָלן זיי, די שונאים !

טשאַרלס בראַון האָט זיך אויפגעהויבן און אָנגעהויבן שפּאַצירן אויפן ווייכן טעפּיך אין זיין אָפיס, ווידער אַריינגעגאָסן אַ גלעזל קאָניאַק און זיך באַרואיקט. איצט האָט ער געפּאַסט אַ באַשלוס :

— צום אַלעם ערשטן דאַרף מען באַוואָרענען די נעגער זאָלן גאָרנישט אַרויספּלאַפּלען. מען דאַרף זיי פאַרמאַכן די מיילער, זיי זאָלן נישט קאָנען פּלאַפּלען. אַ שלאָס דאַרף מען אָנהענגען אויף זייערע פּיסקעס. אַ שלאָס ? ווי אַזוי ? — גאַנץ איינפאַך ! — האָט דאָס אַפּאַראַטל אין טשאַרלס מוח שוין געאַרבעט שנעל, — וואָס האָבן זיי, די גאָט־פאַרדאַמטע ניגערס צו טאָן אין מיין געגנט ? ווער האָט זיי דערלויבט דאָ צו וואוינען ? זייער אָרט איז דאָך אין שוואַרצן דיסטריקט, אין „בלעק בעלט" ! — האָט זיך טשאַרלס בראַון אַליין דערפרייט מיט דעם איינפאַל, — פון פאָרנט איז דאָ אַ סאַלון און הינטן, אַ הייזקע, אַ נעגעריש זנות־הייזל אין אַ ווייסער געגנט . . . קלאָר . . .

— אַ גאָלדענער איינפאַל און מען טאָר נישט פאַרלירן קיין צייט, נישט אָפּלייגן איידער עס ווערט צו שפּעט, — האָט ער ווייטער געצויגן די מחשבה, — ער וועט דעם וויכטיקן ענין נישט פאַרטרויען די קליינע נידעריקע געצעץ־היטער, וואָס מען קאָן אָפּקויפן פאַר עטלעכע דאָלער. ער וועט זיך ווענדן גלייך צום קאָפּ. צום מעיאָר אַליין, זיין אַלטן פריינט. און טאָמער וועט דער פּאָליטישן עפּעס פאַרדעכטיקן ? איז, זאָל ער ! ער, טשאַרלס בראַון ווייסט אין וועלכע געשעפטן דער מעיאָר איז פאַרוויקלט און בײדע זענען לאַנג־יאָריקע פריינט. ער וועט שוין זען, דער מעיאָר, אַז אַלץ זאָל צוגיין ווי גע־שמירט. דער עיקר איז נישט פאַרלירן קיין צייט, וואָס גיכער אַלץ בעסער !

— האָט טשאַרלס בראַון פרייער אָפּגעאָטעמט און געוועז צופרידן פון זיין פּלאַן. — ווי לאַנג איך לעב וועט דער נאָמען פון דער פאַמיליע בראַון בלייבן ריין און זויבער ! — האָט ער געמורמלט מיט פאַרביסענער אַנטשלאָסנקייט.

5

# סוזי נעכטיקט אין פּאָליציי־הויז

ס'איז שוין געווען שפּעט ביינאַכט. די גאַנצע געגנט איז געלעגן איינגעהילט אין אַ געדיכטער פינצטערניש און פאַרגליווערט אין דער ביינאַכטיקער שטילקייט. אויפן אַספאַלטירטן וועג האָט זיך געיאָגט מיט מורא'דיקער גיכקייט אַן אויטאָמאָביל, וועמענס צוויי ליכט־לאָמפּן האָבן דורכגעשפּיזלט דעם חושך, און איז באַלד פאַרשלונגען געוואָרן אין דער פינצטערניש.

אין סוזים הויז איז נאָך געווען ליכטיק. זי איז נאָר וואָס צוריקגעקומען פון אַ לאַנגן שפּאַציר מיט דזשעספּערן, וואָס איז היינט אינדערפרי אהיימגעקומען פון שפּיטאָל. ער בעסערט זיך. דאָס געשווילעכץ פון זיין אַקסל איז היפּש אָפּגעגאַנגען און ער האָט שוין געקאָנט באַוועגן מיט דער האַנט.

סוזי האָט אים באַזוכט אַרום צען אין אָוונט נאָך דער אַרבעט. ס'איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס זי האָט געזען זיין היים. זי האָט באַטראַכט זיין קליינעם ווערקשטאַט, זיין דעליקאַט געצייג, מיט וועלכע ער פאַרריכט אַלטע, קאַליע־געוואָרענע ראַדיאָס און בויט נייע און האָט באַוואונדערט זיינע שאַפעס מיט ביכער.

— סוזי, — האָט דזשעספּערס שטים געקלונגען האַרציק, — ביכער זענען נישט אָנגעפילט גלאַט אַזוי מיט טויטע ווערטער. אין זיי וואוינען לעבעדיקע מענטשן — גוטע, שלעכטע, אָבער לעבעדיקע. זיי לאַכן, וויינען, פרייען זיך, טרויערן, קריגן זיך און בעטן זיך איבער. פאַראַן אין די ביכער שלעכטע, פאַרדאָרבענע, פּונקט ווי ביי אונדז אין לאַנד, אָבער פאַראַן אויך גוטע, ערלעכע, אָנשטענדיקע, פאַראַן דאָ רייכע, אָרעמע, האַרציקע און געוויסנלאָזע. די גוטע און קלוגע פירן אַ שטענדיקן, אומאויפהערלעכן קאַמף מיט די שלעכטע און פאַרדאָרבענע, וואָס זענען אַליין אַ פּראָדוקט פון אַ שלעכטער און פאַרפוילטער אָרדענונג. אָבער די ביכער לערנען אונדז, אַז נישט שטענדיק געלינגט די שלעכטע צו האָבן די אויבערהאַנט איבער די גערעכטע. סוף־כל־סוף געווינען די גערעכטע, די וואָס קעמפן עקשנות'דיק פאַר זייערע פּרינציפּן, פאַר פרייהייט, און פאַר דעם וואוילזיין פון דער מענטשהייט . . . דער גאַנצער פאַרשריט פון דער מענטשהייט איז מעגלעך נאָר צוליב דעם וואָס די אונטערדריקטע, די אָרעמע האָבן באַקעמפט די זאַטע און צופרידענע און די מעכטיקע און די געוויסנלאָזע . . . עס וועט קומען אונדזער צייט אויך, סוזי... די זון וועט אויך שיינען אויף דער נעגערישער גאַס.

סוזי האָט געשלונגען זיינע ווערטער ווי באַ׳טעמ׳טן וויין. זי האָט שטאַרק ליב באַקומען דעם שיינעם שלאַנקן מאַן פאַר זיינע קלוגע רייד, און האָט גע־טראַכט אַז ער אַליין געהערט צו די קלוגע און שיינע. קליגער און שענער פון די ווייסע . . .

זיי זענען געגאַנגען אויף אַ לאַנגן שפּאַציר. ענדלעך האָט זי אים געזאָגט, אַז עס ווערט צו שפּעט. מאָרגן דאַרף מען אויפשטיין צו דער אַרבעט. דזשעס־פּער האָט זיך אָפּגעשטעלט און זיך שטיל צערעדט:

— סוזי, איך בין שוין נישט קיין יונגער בחור. האָב לאַנג געוואַרט ביז איך האָב זיך צו עפּעס דערוואַרט . . . וועל איך דיך איצט עפּעס פרעגן, און איך וויל זאָלסט מיר פאַרזיכערן, אַז אויב וועסט מיר ענטפערן נעגאַטיוו, וועלן מיר אַליץ בלייבן די זעלבע גוטע פריינט. אַן דיין פריינטשאַפט וועט מיר זיין שווער צו לעבן. איך האָב דיך שטאַרק ליב. סוזי, אויב דו האָסט מיך אויך ליב, וואָלט געווען פאַר אונדז די בעסטע זאַך מיר זאָלן זיך פאַרבינדן אויף אייביק . . .

סוזי האָט איינגעהאַלטן אירע טרערן. זי האָט איבערגעטראַכט צי זאָל זי אים דערציילן איר פאַרגאַנגענהייט מיט לאַרי בראַון און האָט אַרויסגע־שטאַמלט:

— דזשעספּער, איך האָב שוין געהאַט אַ געליבטן — — —

— איך ווייס, איך ווייס, סוזי, — האָט איר דזשעספּער איבערגעשלאָגן די רייד, — אָבער האָסט דאָך שוין אָפּגעבראָכן מיט אים. איצט ביסטו פריי צו באַשטימען וועגן דיין צוקונפט. ווער עס זאָל זיין דיין געזעצלעכער מאַן און בויען מיט אים אַ פאַמיליע. ביסט נאָך יונג און פול מיט לעבן . . .

— יאָ, דזשעספּער טייערער, איך בין נאָך יונג און יענער עקזיסטירט שוין נישט פאַר מיר, בלויז דו ביזט דאָ! איך טראַכט וועגן דעם פון יענעם טאָג אָן זינט איך האָב דיך געזען ביי לאַרים אָוונט. וועסט זען ווי געטריי איך וועל דיר זיין, ווי איך וועל דיך ליב האָבן.

סוזי האָט געוויינט פון פרייד און דזשעספּער האָט געלאַכט:

— מענער זאָגן, אַז פרויען וויינען ווען ס׳איז זיי גוט אויפן האַרצן, אָדער ווען עס איז זיי שלעכט. פאַרוואָס וויינסטו איצט?

— ווען מיר איז שלעכט, — האָט סוזי געזאָגט מיט אַ שמייכל, — פאַר־ביים איך די ליפּן און שווייג.

זי האָט געוואָלט אויפוועקן איר מאַמען, איר שוועסטער און דזשימין און זיי אָנזאָגן די פרייליכע בשורה, און האָט זיך באַלד געכאַפּט: בעסער מאָרגן! מען וועט געמיטלעך זיצן ביים טיש און זי וועט דאַן אַ זאָג טאָן גלאַט אַזוי:

— לאָמיר זען וואָס פֿאַר אַ מתנה איר וועט אונטערטראָגן סוזין און דזשעס־פּערן צו זייער חתונה? זי האָט זיך פֿאַרגעשטעלט ווי זיי וועלן בלייבן זיצן געפּלעפּטע, מיט אָפענע מיילער און זי וועט לאַכן, לאַכן . . .

מיט טאַנצנדיקע טריט האָט זי אַריינגעשוועבט אין איר שטוב און אַראָפּ־געוואָרפן פֿון זיך די קליידער אויפֿן דיל, און איז געבליבן שטיין כמעט אַ נאַקעטע ביים לאַנגן שפּיגל, באַטראַכט אירע גלידער, די שוואַרצע האָר, די גלאַנציקע אויגן, די ליפּן און די שטאַרקע, ווייס־בלאַנקענדיקע ציין. דערנאָך האָט זי מיט הנאה אָנגערירט אירע קיילעכדיק־שטייפע בריסט און געמורמלט:

— סוזי, דזשעספּער וועט דיך ליב האָבן. נאָכדעם האָט זי אַרויפגעצויגן אויף זיך אַ נאַכט־העמד און גרייט געוועז אויסלעשן די לאָמפּן, מאַכן נאַכט.

מיטאַמאָל האָט עמיצער אויפגעריסן די טיר און עס האָבן זיך באַוויזן אין צימער צוויי הויכע מענער. סוזי האָט אויפגעציטערט:

— ווער זענט איר? וואָס ווילט איר? פּאָלים! העלפּט! דזשים, דזשים!

— האָט זי אויפגעהויבן אַ בענקל און געוואָרפן אויף די מענער, נאָכדעם האָט זי געכאַפּט אַ גלאָז פֿון טיש און זי צעשמעטערט אויפֿן דיל.

— מיר זענען די פּאָליציי, — האָט איין מאַן געזאָגט, — קום מיט אונדז!

דזשים און די צוויי פּרויען זענען אַריינגעלאָפן אין די נאַכט־העמדער. די צוויי מענער האָבן אַרויסגענומען די רעוואָלווערן און באַפוילן: — דו, דזשים, מיש זיך בעסער נישט, און אים געוויזן זייערע אָפּצייכענונגען.

— דו זאָג בעסער סוזין, זי זאָל זיך נישט קעגנשטעלן און מיטגיין מיט אונדז. קאָנסט דעם געזעץ. ווידערשטאַנד צו פּאָליציי איז אַ פֿאַרברעכן!

דזשים האָט געוואָלט מיטפֿאָרן, אָבער די פּאָליציי האָט אים געהייסן קומען מאָרגן אין געריכט מיט אַן אַדוואָקאַט.

צום ערשטן מאָל אין איר לעבן האָט סוזי גענעכטיקט אין פּאָליציי־הויז. זי איז געזעסן אויף דער באַנק, האַלב איינגעדרעמלט, זיך אויפגעכאַפּט און טרערן האָבן גערונען פֿון אירע אויגן. אינדערפרי איז דזשים געקומען מיט אַן אַדוואָקאַט, וועלכער האָט גערעדט מיט זיין קליענטין.

דער אַדוואָקאַט האָט געפֿרעגט סוזין צי דזשעספּער איז גרייט צו קומען אין געריכט און שווערן, אַז ער האָט מיט איר שפּאַצירט ביז האַלבע נאַכט.

— געוויס וועט ער קומען. דאָס איז דער ריינסטער אמת און דזשעספּער וועט איינשטעלן זיין לעבן פֿאַרן אמת, — האָט סוזי געזאָגט.

— אויב אַזוי, דזשים, — האָט דער אַדוואָקאַט זיי באַרואיקט, — איז זיך נישטאָ וואָס צו זאָרגן. מיר האָבן אַ גוטע „קעיס". אויף צוויי ערטער אין דער זעלבער צייט קאָן מען נישט זיין. דו, דזשים, ריר זיך און זע מיטברענגען

דעם דזשעספּערן אין געריכט. אגב, דאַרף סוזי באַשטעטיקן, אַז דזשעספּער איז איר חתן. איז עס אמת?

דזשים האָט זיך אַביסל פאַרלוירן און גלייך אַרויסגעשטאַמלט:

— אַז סוזי זאָגט איז עס אמת. דזשים איז אַוועק געגאַנגען ברענגען דזשעספּערן.

— מיר דאַרפן זיך אונטעראיילן, — האָט דער אַדוואָקאַט געזאָגט דזשעספּערן אין געריכט. — קיין סך צייט האָבן מיר נישט, באַלד קומט אַריין דער ריכטער. נאָר צוערשט וויל איך דיך שטעלן עטלעכע פראַגן:

— פאַרוואָס האָסטו אַ פאַרבאַנדאַזשירטן אָרעם?

— עמעצער האָט אויף מיר געשאָסן.

— וואו געשאָסן?

— לעבן דזשימס סאַלון, לעבן סוזיס הויז.

— דזשים, נעם אים גלייך אַוועק פון דאַנען, נאָר שנעל, פאַרשווינד! — האָט דער אַדוואָקאַט געזאָגט שטרענג.

דזשעספּער האָט זיך געאײַלט צו פאַרלאָזן דעם געריכט.

— פאַרשטייסט, דזשים, — האָט דער אַדוואָקאַט געזאָגט, — דזשעספּער וואָלט געווען אַ גוטער עדות פאַר דער אַנקלאַגע, ממש אַ צוקערלעקעכל פאַרן דיסטריקט אַטורני. סוזי ווערט אָנגעקלאָגט אין האַלטן אַ פּראָסטיטוציע־הויז, און ווײַבאַלד איר חתן איז געווען פאַרמישט אין אַ שיסערייַ לעבן איר הויז, וועלן זיי אים מאַכן פאַר זייערן אַן עדות. אַ שיין פּאָרל.

— זי האָט דאָך אָבער נישט קיין אַנדערע עדות, — האָט דזשים געזאָגט.

— אָבער דזשעספּער איז נישט קיין עדות. ערשטנס, וועט דער ריכטער אים נישט גלייבן, צווייטנס, וועט דער ריכטער ביי זיך באַשליסן, אַז אַן אָנשטענדיקע פרוי דאַרף זיך נישט אַרומשלעפּן מיט מענטשן, וואָס זענען פאַרמישט אין אַ שיסערייַ. און דערצו נאָך לעבן איר שטוב.

דער משפּט האָט גענומען ווייניקער פון צוויי שעה... אונטער אַ שבועה האָבן ביידע געהיימע פּאָליסלייט איבערגעגעבן, אַז זיי האָבן געהערט וועגן אַ פּראָסטיטוציע־געשעפט לעבן דזשימס סאַלון. זיי זענען אַריינגעקומען אין הויז נאָכדעם ווי זיי האָבן געזען עטלעכע מענער אַריינגיין אַהין און אַרויסגיין צוריק. סוזין האָבן זיי געטראָפן אַ האַלב־נאַקעטע און אין הויז האָט זיך געפונען אַ מאַן. דעם מאַן האָבן זיי נישט אַרעסטירט, נאָכדעם ווי ער האָט זיי צוגעזאָגט, אַז ער וועט קומען אין געריכט עדות זאָגן. ער איז איצט דאָ.

דער מאַן האָט געזאָגט אונטער אַ שבועה, אַז ער איז אַן אָפּטער „באַזו־

בער" אין סוזיס הויז. עס טרעפט אַז נאָך אַ מיידל איז דאָרט צום „האָבן", נאָר מערסטנס איז סוזי אַליין. ער צאָלט דריי דאָלער אַ וויזיט . . .

נאָכדעם האָט דער פּראָקוראָר גערופן אַ נעגער־עדות, וואָס האָט גע־זאָגט, אַז ער קומט אָפט צו סוזין קויפן ליבע פאַר דריי דאָלער.

סוזי האָט אין אַ וויינענדיקן קול געזאָגט אויפן עדות־שטול, אַז זי האָט די צוויי מענער קיינמאָל אין איר לעבן נישט אָנגעזען פאַר די אויגן, און אַז דער ווייסער, וואָס האָט פריער עדות געזאָגט, האָט זיך אַריינגעבראָכן אין הויז מיט די צוויי פּאָליסלייט ווען זי האָט זיך געגרייט צו גיין שלאָפן. זי איז אַ גאַנצן אָוונט נישט געווען אין הויז.

— וואו ביזטו געווען ביז צוועלף? — האָט דער ריכטער קיל און ניכטער זי געפרעגט.

— ביי מיין חתן אין הויז. דערנאָך האָבן מיר שפּאַצירט.

— פאַרוואָס איז דיין חתן דאָ נישטאָ, ער זאָל באַשטעטיקן דיינע רייד?
סוזי האָט גאָרנישט געענטפערט.

— הייסט עס, אַז ביידע פּאָליסלייט זאָגן ליגן, און דו ביזט די איינציקע אמת־זאָגערין? — האָט שוין דער ריכטער געפרעגט אין אַ האַרטן טאָן . . . קיין עדות האָסטו נישט. עס איז דאָס ערשטע מאָל וואָס ביזט אַרעסטירט פאַר אַזאַ פאַרברעכן, וועסטו אָפּקומען מיט אַ קליינער שטראָף, נאָר איך וואָרן דיך. אויב מען וועט דיך נאָכאמאָל ברענגען אַהער וועל איך דיר געבן אַ שווערע שטראָף. איצט באַקומסטו צוויי חדשים טורמע.

מערי, נענסי און סוזי האָבן אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. דזשים איז גע־זעסן אַ פאַרקלעמטער אין טיפער הילפלאָזער פאַרלוירנקייט.

# דזשים פאַרלירט רעכט צו פאַרקויפן משקה

דריי טעג נאָכדעם ווי סוזי איז פאַר׳משפּט געוואָרן, האָט דזשים באַקו־מען אַ רעגיסטרירטן בריוו פון דער ביוראָ וואָס באַוויליקט אַ דערלויבעניש צו פאַרקויפן שאַרפע געטראַנקען, אין וועלכן מען האָט אים געמאָלדן, אַז באַ־ריכטן פון דער פּאָליציי באַשטעטיקן:

1) לעבן זיין סאַלון איז שפּעט ביינאַכט פאָרגעקומען אַ שיסעריי און איין מאַן איז פאַרוואונדעט געוואָרן. מען האָט אים גענומען אין שפּיטאָל.

2) אַז ער, דזשים, האָט באַצאָלט דעם דאָקטאָר, וואָס האָט אים אָפּע־רירט, פאַר די מעדיצינען און די קראַנקן־שוועסטער, וואָס האָבן דעם פאַר־וואונדעטן באַדינט אויף זיין שפּיטאָל־בעט. דאָס ווייזט, אַז עס איז פאַראַן אַ נאָענטע פאַרבינדונג צווישן אים און דעם פאַרוואונדעטן און מיט די מענטשן, וואָס האָבן אָנטייל גענומען אין דער שיסעריי.

3) אַז זיין שוועגערין סוזי, זיין ווייבס שוועסטער, איז געפונען געוואָרן שולדיק אין אָנפירן מיט אַ פּראָסטיטוציע־געשעפט, וואָס געפינט זיך בשכנות מיט זיין, דזשימס, געשעפט, און אַז זי איז דערפאַר פאַרשפּאַרט געוואָרן אין טורמע.

לויט די אַרויסגעבראַכטע פאַקטן, האָט די ביוראָ, אין איינקלאַנג מיט אירע רעגולערע פליכטן, באַשלאָסן צוריקציען די דערלויבעניש. ער פאַרלירט דאָס רעכט צו פאַרקויפן שאַרפע משקאות.

דזשים איז באַלד אַוועקגעלאָפן צו זיינע פריינט, די דעמאָקראַטישע פּאָ־ליטישנס, וועמען ער פלעגט געבן גרויסע געלט־ביישטייערונגען און מתנות פאַר די קאַמפּעינס, אָבער זיי האָבן אים אויפגענומען גלייכגילטיק, ווי אַ פרעמדן.

— וואו איז יושר? — האָט דזשים גע׳טענה׳ט צום הויפּט־פּאָליטישן, דעם פּעטן מאַיק, — איר האָט פאַרגעסן אייערע פאַרזיכערונגען, אַז איר זענט מיינע בעסטע פריינט, אַז איך בין איינער פון אייערע און אַז אויב איך וועל זיך נייטיקן אין הילף וועלן אַלע טירן געעפנט ווערן פאַר מיר. פאַרוואָס דער־לאָזט איר מען זאָל אויסטראַכטן אויף מיר אַזעלכע שענדלעכע בילבולים?

— נישט מיר האָבן פאַרגעסן, נאָר דו האָסט פאַרגעסן ווער דו ביסט. האָסט פאַרלוירן דיין קאָפּ. גרעסערע פון דיר האָבן נישט געוואַגט אַנטרעטן דעם אַלטן בראָון אויף די הינער־אויגן, — האָט מאַיק געענטפערט. — מיר

ראַטן דיך זאָלסט אַריבערגיין צו טשאַרלי בראַון, קניען פאַר אים און אים בעטן ער זאָל דיר מוחל זיין, דאָס וועט אפשר העלפן.

— און אויב איך וועל נישט קניען, וואָס וועט דעמאָלט זיין? — האָט דזשים געפרעגט מיט גאָליקער פאַראַכטונג.

— דאַן ראַטן מיר דיר, זאָלסט איינפּאַקן דיינע זאַכן און אַפּציען פון דאַנען. באַזעץ זיך עטלעכע הונדערט מייל ווייטער פון פּאַראַדיז. וואָס ווייטער פון בראַונס טעריטאָריע.

— און אַז איך וועל נישט פאַרלאָזן מיין היים?

— וועט טשאַרלי בראַון דיך צעקוועטשן ווי אַ וואַנץ. טשאַרלי בראַון, דאַרפסטו וויסן, איז אַן ערנהאַפטער מענטש, מישט זיך נישט אין קיינעמס געשעפטן און פאַר אַ פריינט וועט ער גיין אין פייער, נאָר טאָמער טרעט אים איינער אָן, איז אַך און וויי יענעם! טשאַרלי ווייסט נישט פון רחמנות קעגן אַ שונא . . . דזשים, פאָלג מיך און האַלט דיין צונג, פּלאַפּל נישט און וואָס איך האָב דיר געזאָגט זאָל בלייבן צווישן אונדז. אַז אַנדערן וואָלט איך עס נישט געזאָגט, נאָר אַ פריינט . . . איז אַ פריינט און זאָל דיר גאָט העלפן.

— טשאַרלי בראַון?! מיט וואָס האָב איך זיך פאַרזינדיקט קעגן אים? — האָט דער צאָרן געגליט אין דזשימס מוח, — ער האָט דאָך גערעדט צו מיר אַזוי פריינטלעך ביי אים אין אָפיס און איך בין געווען אַזוי אונטער־טעניק צו אים, פאַרזיכטיק מיט יעדעס וואָרט, אפשר איז ער אין כעס ווייל איך האָב באַשולדיקט זיין זינדל, לאַרין, אין שיסן אויף אַ נעגער? וואו איז טאַקע געווען מיין שכל, פאַרוואָס בין איך געגאַנגען צו טשאַרלי בראַון זוכן גע־רעכטיקייט?

ווען ער האָט פאַרלאָזן מאַיקן איז דזשים נישט געגאַנגען אַהיים, נישט געוואָלט ווייזן דער משפּחה זיין פּיין און צאָרן. שווייס איז אים גערונען פון פּנים, פון שטערן, און זיינע פיס האָבן אים געטראָגן איבער די פאַרלאָזטע געשלענגלטע וועגן און ער האָט קיינעם נישט געזען, נישט געוואוסט וואו ער געפינט זיך. פינצטערע געדאַנקען האָבן אים געיאָגט.

לעבן אַן איינגעפאַלן הויז אינמיטן פעלד, וואו עס איז געשטאַנען אַ צע־בראָכענער וואַגן, אַ באַנק און עס האָבן זיך געוואָלגערט פאַרזשאַווערט ברוכוואַרג אין הויכן גראָז, האָט זיך דזשים אַראָפּגעלאָזן אויף דער באַנק און זיך געפייניקט, פאַרוואָס ער איז געגאַנגען צום אַלטן בראַון. ווייזט אויס, אַז ער האָט פאַרגעסן דאָס וואָס ער האָט געוואוסט זינט ער איז אַלט געווען צען יאָר, אַז אַ גלעט פון אַ רייכן ווייסן איז ערגער ווי אַ ביס פון אַ גיפטיקער שלאַנג. אַז ער אַליין איז שולדיק אין סוזיס אומגליק, — האָט ער זיך גע־

פייניקט, — אָרעמע, אומגליקלעכע סוזי, — טרערן זענען געראָנען פון זיינע אויגן.

— ווי אַזוי קאָן אַ מענטש זיין אַזוי ברוטאַל? האָט ער גאָרנישט מורא פאַר גאָט? פאַרוואָס האָט דער בכבוד׳יקער מיסטער טשאַרלס בראַון געוואָגט אַנצוקלאָגן סוזין אין זנות און זי פאַרשיקן אין טורמע?

דזשימין איז איינגעפאַלן, אַז דער בראַון קאָן נאָך הייסן דער פּאָליציי מען זאָל אים אויך אָנקלאָגן און פאַרשפּאַרן אין טורמע. אַז ער איז אַלמעכטיק! גאָט אַליין האָט מורא פאַר אים, לויט מאַיקס רייד. האָט ער אפשר בדעה אויך נענסין פאַרפּאַקן אין טורמע אויף אַ זנות־קלאָגע.

אַ קעלט האָט אַרומגענומען דזשימס קערפּער פון די מורא׳דיקע געדאַנקען, אַז זייער פאַרשווערונג איז געצילט קעגן אים און זיין משפּחה. נענסין?! גאָט מיינער! — האָט ער אויפגעציטערט.

דזשים האָט זיך אויפגעהויבן און איז צוגעגאַנגען צו דער חורבה. אַ טשאַטע צעשראָקענע פייגל זענען מיט אַ צוויטשעריי זיך צעפלויגן פון די הויכע גראָזן. פון גראָז איז אַרויסגעשפּרונגען אַ פעטע ברוינע קאַץ מיט ווייסע פלעקן און האָט זיך באַהאַלטן אונטער דער חורבה. פון ווייטן האָט זיך געהערט אַ פייף פון אַ פאַרביילויפנדיקער באַן און עס איז ווידער געוואָרן שטיל.

דזשים האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביי דער באַנק און גערעדט צו זיך אַליין:

— דו הערסט, טשאַרלי בראַון, דזשים איז אַ שטאַרקע וואַנץ, עס איז גאָרנישט אַזוי גרינג זי צו צעקוועטשן . . . נישט אַזוי גרינג, — האָט ער זיך צעשמייכלט פון זיין אויס׳טענה׳ן זיך אין געדאַנק מיט טשאַרלי בראַונען.

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער באַנק און געברומט מיט אַ זיכערקייט:

— ביג דזשים וועט זיך פאַרטיידיקן, פאַרטיידיקן זיין נענסין, הערסט בראַון וואָס איך זאָג דיר!

ער האָט זיך געכאַפּט אַז ער רעדט צו הויך, האָט זיך אַרומגעקוקט און צופרידן וואָס קיינער איז דאָ נישט אַרום, האָט ער באַשלאָסן, אַז רעדן טאָר מען נישט. וועלט האָבן אויערן . . .

זיך פאַרטיידיקן! קעמפן! אַ קלאָרקייט איז אויפגעגאַנגען אין זיין מוח. ער האָט זיך דערמאָנט אין דער צייט ווען ער איז געווען אין דער אַרמיי, ווי ער איז גרייט געווען אַוועקצוגעבן זיין לייב און לעבן פאַרן לאַנד. איצט האָט ער אַ פליכט צו פאַרטיידיקן זיין משפּחה, אפילו ער זאָל דאַרפן מקריב זיין זיין לעבן פאַר זיי. פון דעם באַשלוס איז ער געוואָרן האָפערדיקער, רואיקער. ער האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט נאָך מאָרגן אַוועקשיקן זיין ווייב און איר

מאַמען צו דזשאָזעפֿן אויף דער פֿאָרם און זיי באַזאָרגן מיט אַלעם נייטיקן.

דזשים האָט אויך באַשלאָסן אַוועקצוגייען צו דזשעספּערן, אים דערציילן די גאַנצע געשיכטע פֿון זיין לעבן ביז יענעם טאָג פֿון סוזים אומגליק. ער וועט געבן דזשעספּערן צוויי טויזנט דאָלאַר און אים אָנזאָגן, אַז אויב ס'וועט עפּעס מיט אים געשען זאָל ער דינגען אַ גרויסשטאָטישן אַדוואָקאַט און אים איבער־געבן אַלע פּונקטן פֿון אַ געשריבענעם דאָקומענט, וואָס ער, דזשים, וועט אי־בערלאָזן ביי אים.

— און דערנאָך? — האָט זיך דזשים פֿאַרטראַכט, — ער ווייסט גענוי דעם זייטיקן וועג אויף וועלכן טשאַרלי בראַון שפּאַצירט, ער האָט דאָך אַמאָל געאַרבעט פֿאַר אים. עס איז אַ פּריוואַטער וועג, אַ גלאַטער און אַ ריינער וועג. דאָרט וועט ער אים אָפּוואַרטן און ווען ער וועט אַרויסקריכן פֿון זיין אויטאָ־מאָביל, וועט ער אים פֿייערלעך באַגריסן. ער וועט טענה'ן צו אים אויף דער שפּראַך וואָס ער, דזשים, האָט מיט יאָרן צוריק גערעדט מיט די דייטשן אויפֿן אייראָפּעאישן שלאַכטפֿעלד. ער וועט אַריינפּאָמפּען אין טשאַרלי בראַונס קערפּער זעקס קוילן . . .

— מען וועט מיך כאַפּן און אויפֿהענגען? אָבער ער וועט נקמה נעמען פֿאַר סוזים אומגליק, פֿאַר אַלע נעגערס וואָס ווערן אומזיסט געלינטשט און קיינער באַשטראָפֿט נישט זייערע מערדער. און דו, טשאַרלי בראַון, וועסט קיינמאָל נישט לינטשן מיין נענסין, — האָט דזשים שטיל געזאָגט, און זיינע בלוטן האָבן האַסטיק געשטראָמט אין די אָדערן. — נו, איצט אַהיים!

ער האָט זיך אויפֿגעשטעלט, זיך אויסגעצויגן, ווי ער וואָלט געשטאַנען פֿאַר אַ גענעראַל. אַריינגעטאָמט קילע לופֿט אין זיינע לונגען און מיט מונ־טערע טריט, ווי ער וואָלט מאַרשירט מיט אַ גרופּע סאָלדאַטן, האָט ער זיך געלאָזט צו זיין הויז. די געדריקטע שטימונג, וואָס איז אים באַפֿאַלן זינט מען האָט סוזין פֿאַרשיקט אין טורמע, האָט זיך אויסגעוועפּט. עס איז אים־געוואָרן גרינגער אויפֿן האַרצן, אין אַלע אבֿרים. ער האָט געטראַכט, אַז איצט וועט ער אויסלופֿטערן זיין היים פֿון טשאַרלי בראַונס גיפֿט און מאַכן אַ סוף צו נענסיס טרערן, צו מעריס אַנגסטן . . .

ווען דזשים איז אַריינגעקומען זענען נענסי און דזשעספּער געזעסן אַרום טיש און געשמועסט. נענסי האָט זיך שוין געזאָרגט וואָס ער פֿאַרשפּעטיקט אַהיים צו קומען. זי האָט געוואוסט, אַז ער איז געווען ביי זיינע פֿריינט, די פּאָליטישנס, און ווי נאָר ער האָט זיך באַוויזן האָט זי אים געפֿרעגט וואו ער איז געווען אַ גאַנצן טאָג?

— ביי איינער פון מיינע אַלטע געליבטע, — האָט דזשים שפּאַסיק געענטפערט.

— האָסטו כאָטש גוט פאַרבראַכט מיט איר? — האָט נעננסי געפרעגט.

— אַז דו גייסט צו די אַלטע געליבטע איז דאָך אַ סימן, אַז דו ביסט אַליין אַלט און קענסט מער נישט פאַרברענגען מיט די יונגע, — האָט זי צוגעגעבן און געשמייכלט, — אויב אַזוי וועל איך זיך שוין מוזן האַלטן מיט דיר . . . ווילסט עסן?

— איך בין הונגעריק ווי אַ וואָלף. אַ טרונק, דזשעספּער?

— אַ קליינער טרונק וועט נישט שאַדן.

זיי האָבן אָנגעקלאַפּט די גלעזלעך מיט בראָנפן.

— דזשעספּער, האָסט עפּעס גוטע נייעס? — האָט דזשים געפרעגט.

דזשעספּער איז געווען באַלאָדן מיט געדאַנקען און פּלענער. ער האָט געוואָלט אויסלייגן זיינע אַלע פּלענער און געוואַרט אויף אַ געלעגנהייט.

— יאָ, דזשים, איך האָב עפּעס וויכטיקס צו רעדן מיט דיר, — האָט דזשעספּער אָפּגערוקט דעם טעלער.

— רעד, רעד, דזשעספּער, נאָר עס, פאַרוואָס רוקסטו אַוועק דעם טעלער? מיט די ביכער קאָנסטו אָנפילן דעם קאָפּ, נישט דעם מאָגן. די וואָס שרייבן ביכער גלייבן אויך אין טעלער, נישט אמת, דזשעספּער?

— ריכטיק, נאָר דאָס וואָס איך וויל מיט אייך רעדן איז ביים איצטיקן מאָמענט וויכטיקער ווי עסן.

— נו, שיס, דזשעספּער.

— יענע נאַכט, פאַר סוזיס אַרעסט, האָבן מיר אָפּגעמאַכט זיך צו פאַרבינדן, און איך וויל איר זאָלט ביידע וויסן, אַז גלייך ווי זי וועט אַרויסקומען פון טורמע, וועלן מיר פּראַווען אַ חתונה און עס וועט זיין אַ גרויסע און פּאַראַדנע חתונה. איך וויל פאַרטיידיקן דעם כבוד פון מיין צוקונפטיק ווייב.

איצט האָט שוין דזשים אָפּגערוקט דעם טעלער און איז געבליבן זיצן מיט אַ אָפן מויל. נעננסי האָט געכליפּעט פאַר פרייד.

— איך האָב זיך גוט אַריינגעטראַכט אין דער פּאַסירונג, שטודירט די אַלע אַקטיאָרן וואָס האָבן אָנטיילגענומען אין דער דראַמע, — האָט זיך דזשעספּער צעוואַרעמט, — און איך האַלט, דזשים, אַז מיר קאָנען אויפדעקן דעם בילבול אויף סוזיז און אים צערייסן ווי אַ שפּינוועבס. איך האָב אַ פּלאַן, הער אויס!

— איך וועל אַפּעלירן צום העכסטן געריכט, — האָט זיך דזשעספּער אויפגעהויבן פון בענקל און גערעדט מיט אַ העכער קול בעת זיינע אויגן האָבן

געפינקלט, — איך וועל אָנשטעלן אַ גרויסן אַדוואָקאַט. איך האָב געגוג געלט פאַר אַזאַ אַדוואָקאַט . . .

— ווען געלט זאָרג זיך נישט, לאָמיר הערן דעם פּלאַן, — האָט אים דזשים איבערגעריסן.

— איך וועל זיך אויך ווענדן צו דער „סיוויל ליבערטיס יוניאַן" און מיר וועלן פאָדערן אַ נייעם משפּט. מר וועלן באַווייזן, אַז די פּאַרטיידיקונג האָט נישט צוגעגרייט סוזיס משפּט און אַז דער פּראָצעס איז ראַפּטאַם, אין איי־לעניש, דורכגעשמוגלט געוואָרן. מיר געפעלט נישט דיין לאַיער, דזשים, איך האָב מורא אַז מען האָט אים אַנגעשראָקן . . .

— איך וועל באַווייזן פאַרן העכסטן געריכט, אַז סוזי איז יענעם אָוונט געווען ביי מיר אין שטוב ביז עלף ביינאַכט. מיר ביידע, איך און מיין מומע, וועלן עדות זאָגן, און אַז נאָכדעם האָב איך שפּאַצירט מיט סוזין ביז האַלבער נאַכט. מיר האָבן אויפן וועג באַגעגנט דעם רעווערענד דזשאַנסאָן. איך האָב געפרעגט דעם גייסטלעכן:

— אַזוי שפּעט לאָזט איר נישט שלאָפן גאָט? און ער האָט מיר גע־ענטפערט: — מיין זון, גאָט שלאָפט קיינמאָל נישט. די ריכטער וועלן נישט וואַגן פאַרדעכטיקן די רייד פון אַ גייסטלעכן אונטער אַ שבועה!

— איך וועל אויך ברענגען דיין דערשראָקענעם לאַיער אין געריכט, און זאָל ער דאָרט דערקלערן פאַרוואָס האָט ער מיך פאַרטריבן פון געריכט און אפילו נישט געוואָלט רעדן מיט מיר.

— חוץ דעם איז נייטיק מיר זאָלן זונטיק דערציילן אין דער קירך פאַרן עולם די גאַנצע געשיכטע, און איינלאַדן אַ רעפּאָרטער פון דער נעגער־ציי־טונג „קוריער" אין קירך. מיר וועלן אויך זאַמלען אונטערשריפטן פון מענטשן, וואָס וועלן עדות זאָגן אויפן גוטן כאַראַקטער פון סוזין, ווייל זיי קענען זי פון קינדווייז־אַן. די אונטערשריפטן וועלן מיר ברענגען צום גאַווערנאָר. מ'טאָר ניט שווייגן, דזשים, מען דאַרף דעמאַסקירן דעם בילבול! עס גייט אין דעם וואָס נעכטן האָבן זיי אויסגעטראַכט אַ בילבול אויף סוזין, און מאָרגן קאָנען זיי אויסטראַכטן אויף אַן אַנדער אומשולדיקן נעגער נייע בילבולים. דו וועסט זען, דזשים, אַז אונדזער אַקציע וועט אַרויסרופן מוט ביי אַ סך נעגער.

דזשים האָט זיך געהאַלטן אין איין ווישן דעם שווייס פון שטערן. פון דזשעספּערס רייד איז ער אינגאַנצן צעטומלט געוואָרן. ער האָט איצט גע־האַט מער רעספּעקט פאַר דזשעספּערן, אים באַוואונדערט, אים ליב באַקומען.

— דו, דזשעספּער, וואָלסט דאָך געקאָנט זיין אַ באַרימטער לאַיער! — האָט דזשים אויסגערופן.

נענסים האַרץ איז געווען פול מיט פרייד. זי האָט איצט געטראַכט וועגן דער צוקונפט, וועגן אַלע וועלן לעבן ווי איין גליקלעכע משפחה און אפשר וועט נאָך סוזי האָבן אַ קינד. זי איז דאָך נאָך אַזוי יונג, ווי אַ בלום, וואָס האָלט זיך ערשט אין צעבליען.

די אַלטע מערי ווילסאָן האָט נישט פאַרשטאַנען אַלץ וואָס דזשעספּער האָט גערעדט, אָבער זי האָט געפילט, אַז דאָס וואָס ער זאָגט איז גוט פאַר איר אומגליקלעכער טאָכטער.

דזשעספּער האָט זיך אַ ווײַלע אָפּגערוט. נאָכדעם געמורמלט שטיל, אַ ביסל פאַרזאָרגט:

— פאַראַן איין גרויסער בלויז אין דעם פּלאַן, איך זוך דעם שליסל צו דעם רעטעניש.

— וואָס פעלט דיר? — האָט דזשים געפרעגט.

— וועגן איך ווייס דעם נאָמען פון דעם לומפּ, וואָס האָט געשאָסן אויף מיר, וואָלט איך געהאַט דעם שליסל צו דער גאַנצער געשיכטע. דער ממזר איז דער שליסל. איך וואָלט געוואוסט מיט וועמען ער איז פאַרבונדן און ווי ווייט זיין איינפלוס גרייכט. דאַן וואָלט שוין געווען גרינג צו געפינען דעם שוואַכסטן רינג אין דער קייט פון דער געמיינער פאַרשווערונג. מען דאַרף באַווייזן, אַז דאָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן פון אַ באַנדע הינטישע זין, וואָס האָבן נישט קיין ברעקל געוויסן. מיט דער הילף פון אונדזערע אַדוואָקאַטן קאָנען מיר דעמאַסקירן די גאַנצע באַנדע . . . די פראַגע איז ווי אַזוי געפינט מען יענעם לומפּ, וואָס האָט אויף מיר געשאָסן?

דזשים האָט איבערגעטראַכט דעם גאַנצן פּלאַן, וואָס דזשעספּער האָט אויסגעלייגט. אים איז געפעלן דער גאַנצער פּלאַן צו קעמפן קעגן בראַונען און זיינע אַרויסהעלפער. ער איז געווען צופרידן וואָס נישט ער אַליין וועט דאַרפן באַקעמפן בראַונען, נאָר דערפאַרענע מענטשן וועלן אים העלפן. דזשעספּער,— האָט ער געטראַכט, — רעדט ווי אַ קלוגער, דערפאַרענער מענטש. ער האָט איינגעהאַלטן זיין באַגייסטערונג אין זיך און געזאָגט גלייכגילטיק:

— דזשעספּער, מעגלעך אַז איך קאָן געפינען דעם שליסל.

— הייסט עס, אַז דו ווייסט ווער ס׳האָט געשאָסן אויף מיר? — האָט דזשעספּער געוואָרפן אַ דורכדרינגענדיקן בליק אויף דזשימען, און דזשים האָט זיך פון דעם בליק געפילט אַביסל פאַרלוירן.

— יאָ, דזשעספּער, איך האָב אַ פאַרדאַכט, — האָט ער געענטפערט.

דזשעספּער האָט זיך צעלאַכט מיט אַ געזונטן, קרעפטיקן געלעכטער.

— אויב אַזוי, דזשים, — האָט דזשעספּער געזאָגט לאַכנדיק, — דערלאַנג אַהער אַ פלאַש. לאָמיר טרינקען פאַר סוזים געזונט.

— גוט! נאָר זאָג מיר, דזשעספּער, פאַרוואָס לאַכסטו? וואָס איז די שמחה אויף דיר?

— איך לאַך, ווייל דו זאָגסט אַז ביסט חושד איינעם. איינעם? האַ? עס איז דאָ פּאַרמישט אַ גאַנצע באַנדע. נאָר אַז דו ווייסט וועגן איינעם, מוזטו אויך וויסן נאָך עפּעס וויכטיקס. אַט פאַרוואָס איך לאַך.

דזשים האָט געקוקט אויף דזשעספּערן און אים באַוואונדערט, געטראַכט אַז זיין מוח אַרבעט גיך ווי ער וואָלט געוועזן אַן עלעקטראָנישער מוח, און געטראַכט אַז ער האָט זיך אַלץ געמוזט אויסלערנען פון זיינע ביכער, און דזשעספּער האָט הנאה פון דזשימס לויב־ווערטער אויף זיין חשבון.

נענסי האָט געבראַכט אַ פלאַש וויין מיט גלעזער. מען האָט אָנגעקלאַפּט און צופרידענע געזופּט פאַרן גליק פון דער פאַמיליע.

ביג דזשים איז אַריינגעפאַלן אין אַ געהויבענער שטימונג. ער האָט אויסגעטרונקען נאָך אַ גלאָז וויין, וואָס איז פאַר אים געווען ווי אַ גוטע מעדיצין און האָט געטראַכט, אַז מען טאָר נישט פאַרלירן קיין צייט. מען דאַרף גלייך אָנשטעלן אַ גוטן, געניטן אַדוואָקאַט. געלט האָט ער גענוג. וועט מען מאָרגן אָנהייבן דעם קאַמף, נאָר פריער מוז נענסי מיט דער אַלטער אַפּפאָרן פון דאַנען, נאָר נענסי האָט פון דעם נישט געוואָלט הערן.

— איך פאָר נישט אין ערגעץ! — האָט זי געזאָגט אַנטשלאָסן, — איך בלייב דאָ מיט אייך!

— נענסי, טייערע, — האָט זיך דזשים געבעטן ביי איר, — די ממזרים זענען קאַפּאַבל אויפן ערגסטן. ווי נאָר זיי וועלן אויסגעפינען וועגן אונדזער פּלאַן, וועלן זיי נישט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט. זיי וועלן גרייט זיין לינטשן נישט איין נעגער, כדי צו ראַטעווען זייער ווייסע שקורע. באַטראַכט זיך . . .

— דזשים איז גערעכט, — האָט דזשעספּער געזאָגט, — איר ביידע קענט דערווייל וואוינען מיט מיין מומען ביי מיר אין הויז, און מיר וועלן אַהער איינלאַדן עטלעכע פריינט. מיט זיי וועט זיין היימישער און זיכערער.

# 1

## „קלאָמזיי" (אומגעלומפּערט)

טשאַרלס בראַון האָט געהאַט אַ שוועסטער גלענדאַ, וואָס איז גע־וועזן יונגער פֿון אים מיט פֿינף יאָר. זי האָט געוואוינט מיט איר מאַמען, אַן אַלמנה. טשאַרלס האָט ליב געהאַט די מאַמע מיט דער שוועסטער און זיי באַזאָרגט מיט אַ הויז און אַלע באַדערפֿענישן. ער פֿלעגט זיי באַזוכן יעדן זונטיק און זיי ברענגען געלט.

— מאַמע, ס'איז דיר געבליבן אַ פּאָר סענט פֿון יענער וואָך?

— פֿלעגט טשאַרלס פֿרעגן מיט אַ שמייכל.

— געבליבן, זון, — פֿלעגט די מאַמע ענטפֿערן און איר צעקנייטשט פּנים האָט אויפֿגעלויכטן מיט שטאָלץ, וואָס זי האָט אַזאַ געטרייען זון, — גיב מיר נישט אַזויפֿיל געלט. איך קאָן נאָך ווערן אַזוי רייך ווי דו . . .

— נו, ס'איז גוט צו האָבן אַ רייכע מאַמע, — פֿלעגט ער איר זאָגן, און אַריינשטופּן אַ פּעקל געלט אין איר פֿאַרטוך.

— נאָך וואָס דאַרף איך אַזויפֿיל געלט? — פֿלעגט זיך די אַלטע באַ־קלאָגן, — סיידן פֿאַר נדן, פֿאַר גלענדאַן?

— פֿאַר גלענדאַן זאָרג איך זיך נישט. איך האָב שוין אָנגעגרייט פֿאַר איר אַ פֿעטן נדן. אויב זי וועט נעמען מיין בוכהאַלטער, פֿעליקסן, קריגט זי פֿון מיר פֿינף טויזנט דאָלער. זי וועט שוין קיין בעסערן און פֿיינערן מאַן ווי פֿעליקס נישט באַקומען. זי פֿאַרגעסט אַז זי איז שוין נישט קיין יונג הענ־דעלע . . .

— פֿעליקס געפֿעלט מיר אויך. ער שטאַמט פֿון זייער אַ פֿיינער פֿאַמיליע. אָבער וואָס קומט אַרויס, אַז גלענדאַ וויל אים נישט.

— האָסט גערעדט מיט איר, מאַמע?

— גערעדט נישט איינמאָל, און זי האָט איין ענטפֿער: — זאָל טשאַרלי חתונה האָבן מיט זיין פֿליכעוואַטן בוכהאַלטער. עס טראָגט זיך פֿון אים אַ ריח פֿון שימל. ביסט אַ מבין אויף אַזעלכע רייד? עס שמעקט פֿון אים טוכלע; ווי געפֿעלט דיר אַ לשון?

— זאָג איר, מאַמע, אַז זי וועט האָבן גענוג געלט צו קויפֿן אַ גאַנץ פּעסל פּאַרפֿיום צו פֿאַרטרייבן אַלע טוכלע ריחות.

— צו וואָס טויגן די חכמות, אַז די מויד האָט זיך איינגגע'עקשנ'ט.

— נישט געזאָרגט, מאַמע, זי וועט בעסער ווערן. זי וועט זיך איבער־בעטן . . .

נאָר גלענדאַ האָט אָנשטאָט חתונה האָבן מיט פעליקסן אויסגעקליבן דעם בריוו־טרעגער דזשערי רעימאָנד. זי האָט מיט אים חתונה געהאַט אַ חודש נאָך איר מאַמעס טויט.

טשאַרלי בראַון איז געווען אויסער זיך פון צאָרן. ער האָט באַפוילן גלענדאַן זי זאָל זיך אַרויסציען פון זיין הויז, און אַז ער וויל זי נישט זען אַזוי לאַנג ווי זי וועט לעבן מיט דעם זון פון אַ שמיד . . . און טשאַרלי בראַון האָט געהאַלטן וואָרט.

גאַנצע זעכצן יאָר האָט ער נישט געזען זיין איינציקע שוועסטער. אַ חודש נאָך איר מאַנס טויט איז ער געקומען צו איר.

גלענדאַ האָט געהאַט איין זון, קאַלווין, אַ נאָמען נאָך איר און טשאַרלס טאַטן, וועמען דער ברודער האָט פיינט געהאַט. קאַלווין רעימאָנד איז געוואַקסן אַ ריז. ביי פופצן יאָר איז ער שוין געווען זעקס פוס הויך און געוואויגן צוויי הונדערט פונט. זיינע לאַנגע הענט האָבן אים נאָכגעהאַנגען ווי צוויי אייזערנע שטאַנגען. אויף זיינע ברייטע פלייצעס האָט דער יונג געקאָנט טראָגן די שווערסטע משא. נאָר שכל האָט ער געהאַט ווייניק. ער איז געגאַנגען אין סקול ביז ניין יאָר און מער נישט געוואָלט גיין. ער האָט פיינט געהאַט די לערער וואָס האָבן אים געמאַטערט מיט שרייבן, אויסלייגן ווערטער, רעכענען. דאָס אַלץ איז אים נישט געקראָכן אין קאָפּ אַריין.

קאַלווין האָט אויך געהאַסט די סקול־קינדער, וואָס זענען אים דערגאַנגען די יאָרן און האָבן אים אַ נאָמען געגעבן „קלאָמזי" (אומגעלומפּערט). ער פלעגט דערלאַנגען קלעפּ ביים הערן דעם צונאָמען, נאָר ביסלעכווייז האָט ער זיך צוגעוואוינט און ס'האָט אים מער נישט געאַרט.

— וואָס איז דער אונטערשיד, — האָט ער געטראַכט, — ווי ער הייסט, קאַלווין צי „קלאָמזי"; אַ נאָמען איז אַ נאָמען . . . מיט דער צייט האָט ער זיך אַזוי צוגעוואוינט צום נאָמען, אַז ווען מען האָט אים געפרעגט זיין נאָמען, פלעגט ער גלייך ענטפערן: „קלאָמזי" . . .

— ס'איז גוט פאַר איר, קיין בעסערס קומט איר נישט, — האָט טשאַרלי בראַון געטראַכט בעת דער ערשטער באַגעגעניש מיט דער שוועסטער, — זי האָט געוואָלט דעם בריוו־טרעגער. איצט איז זי אַ אַלמנה מיט אַ זון, אַן אומגעלומפּערטן אָקס. נאָר שפּעטער איז ער ווייכער געוואָרן. פאָרט אַ שוועסטער! און טשאַרלס בראַון האָט איר ווידער, ווי אין יענע יאָרן, ווען די מאַמע האָט געלעבט, אונטערגעשאָרט יעדן זונטיק עטלעכע דאָלער. ער האָט אויך באַשטימט אַז די בעסטע זאַך פאַר קלאָמזין איז זיך אויסלערנען אַ פאַך . . .

טשאַרלס בראַון איז אָנגעקומען גרינג צו פועל'ן ביי איינעם פון זיינע

קאָנטראַקטאָרס ער זאָל אויסלערנען קאַלווין־קלאָמזין די מלאכה פון סטאַ־לעריי. — כּוח האָט ער אַ סך, מיין פּלימעניק, — האָט טשאַרלס געזאָגט, — נאָר שכל זייער ווייניק, איז צאָל אים צען דאָלער אַ וואָך און איך וועל דיר אומקערן דאָס געלט, אַבי לערן אים אויס די מלאכה. אפשר וועט ער ווערן אַ גוטער סטאָליער. מען קאָן קיינמאָל נישט וויסן . . .

נאָר קלאָמזי האָט זיך גאָרנישט אויסגעלערנט. ער האָט בשום אופן נישט געוואוסט ווי מען רעכנט אויס די לענג און די ברייט פון אַ ברעט, וויפל טשוועקעס מען דאַרף אַריינשלאָגן אין אַ לייסט. ער האָט נישט געדענקט וואָס מען האָט אים אָנגעזאָגט, נאָכגעזאָגט אַלץ ווי אַ מאַלפּע און ווידער פאַרגעסן. אָפט פלעגט ער בלייבן שטיין מיטן האַמער אין האַנט אַ פאַרטראַכטער ווי אַ וולם, און אַמאָל פלעגט ער גאָר וואַרפן די אַרבעט אין מיטן העלן טאָג און אַוועקגיין אַהיים . . .

— מר. בראַון, פון דעם טייג וועט שוין קיין ברויט נישט ווערן, — האָט דער קאָנטראַקטאָר געזאָגט צו טשאַרלס בראַון. און האָט געוויזן אויפן מוח, — ס'איז דאָ ליידיק . . .

טשאַרלס האָט אַריינגענומען קלאָמזין צו זיך אין געהילץ־געשעפט, וואו ער, קלאָמזי, האָט געשלעפּט ברעטער, קלעצער, זיי געהאָלפן אָנלאָדן אויף לאַסט־אויטאָס און געטאָן אַלע שווערע אַרבעטן . . .

די אַרבעטער אין בראַונס געהילץ־געשעפט האָבן געלאַכט פון דעם אומ־געלומפּערטן יונג און אים גערופן מיט פאַרשידענע צונעמען: פערד, אָקס, גולם. און ער האָט זיי דערפאַר פיינט געהאַט.

זיין גאַנץ לעבן האָט קלאָמזי קיינעם נישט ליב געהאַט, חוץ זיין מאַמען, אָפילו נישט זיין טאַטן. דאָ ביי דער אַרבעט האָט ער ליב באַקומען איין אַרבע־טער, דעם גרויסן און געזונטן נעגער, דעם טרייבער פון דעם טראָק. דער נעגער־טרייבער האָט אים אָפט מיטגענומען אויף זיין טראָק, האָט אים קיינ־מאָל נישט געזאָגט קיין שלעכט וואָרט און קלאָמזי האָט אים באַטראַכט פאַר זיין בעסטן פריינט.

— דזשים, ביסט מיין פריינט, — פלעגט אים קלאָמזי זאָגן. — דו ביסט גרויס און שטאַרק ווי איך, קאָנסט טראָגן ברעטער און דו רעדסט צו מיר ווי מיין מאַמע, וואָס איז די בעסטע מאַמע. ווי לאַנג איך וועל לעבן וועל איך דיך ליב האָבן.

ווען דזשים איז אַוועק מיט דער אַרמיי קיין אייראָפּע, האָט קלאָמזי גע־בענקט נאָך אים. ער האָט אָפט געפרעגט דער מאַמען ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן, און צי אַלע סאָלדאַטן וועלן זיך צוריקקערן. די מאַמע האָט אים גע־

ענטפערט, אַז די וואָס וועלן האָבן אַ גוטן מזל וועלן זיך צוריקקערן. קלאָמזי האָט איר געפרעגט צי נעגערס האָבן אויך מזל.

— זיי האָבן מזל, נאָר נישט ווי די ווייסע, — האָט אים זיין מאַמע געענטפערט.

דער מאַמעס ענטפער האָט אים צופרידנגעשטעלט, און ס'איז אים גרינגער געווען צו וואַרטן אויף זיין גוטן פריינט — ביג דזשים.

קלאָמזי האָט פיינט געהאַט דעם ווייסן טראַק־טרייבער, וואָס האָט פאַרנומען דזשימס אָרט. ער האָט עטלעכע מאָל געזאָגט צו אים: — ניגערס האָבן אויך מזל און דזשים וועט באַלד צוריקקומען. דער ווייסער טרייבער האָט נישט געוואוסט וואָס קלאָמזי מיינט און געהאַלטן, אַז ער פּלאַפּלט סתם ווי אַ גולם. איינמאָל האָט ער אים שפּאַסיק געפרעגט: — פון וואַנען ווייסטו, אַז ניגערס האָבן מזל?

— ווייל גאָט האָט זיי באַשאַפן, — האָט קלאָמזי אים געענטפערט מיט אַ הירזשעריי, און איז אַליין געווען צופרידן פון זיין ענטפער.

— און פון וואַנען ווייסטו אַז גאָט האָט באַשאַפן ניגערס? — האָט דער ווייסער געפרעגט.

קלאָמזי איז געבליבן שטיין ווי פאַריטשמעליעט, נישט געוואוסט וואָס צו ענטפערן, און אַ ברענענדיקע שנאה האָט אָנגעפילט זיין האַרץ. פּלוצים האָט ער אויסגעברומט:

— גאָט האָט באַשאַפן מיך און דיך, הינט און קעץ, פערד און ניגערס. איצט ווייסטו שוין, דו שטשור! — ער האָט ווידער געהירזשעט און איז אַנטלאָפן.

ביסלעכווייז האָט קלאָמזי פאַרגעסן זיין אַמאָליקן פריינט דזשים. עפּעס האָט ער יאָ געדענקט, אַז ער האָט אַמאָל געהאַט אַ פריינט, נאָר זיין נאָמען האָט ער פאַרגעסן, נישט געדענקט ווי ער האָט אויסגעזען און נישט געוואוסט וואוהין דער נעגער־פריינט איז פאַרשוואונדן.

לאַנגע יאָרן שווערע אַרבעט האָבן ביסלעכווייז אונטערגעגראָבן קלאָמזיס געזונט. ער האָט געליטן פון ווייטיקן אין זיין רוקן, נאָר ער האָט געשוויגן. אַז די ווייטיקן פלעגן אים אָנכאַפּן פלעגט ער זיך אָנשפּאַרן אין אַ ריי אויסגעלייגטע ברעטער, איבערוואַרטן, און זיך ווידער נעמען צו דער אַרבעט.

אין איין טאָג האָט זיך קלאָמזי נישט געקאָנט אויפהייבן פון בעט. זיין באַזאָרגטע מאַמע האָט אים צוגעלייגט קאָמפּרעסן צום רוקן, מאַסאַזשירט די פּלייצע מיט אַלקאָהאָל, און אַז די ווייטיקן זענען אַוועק, האָט אים שוין

גלענדאַ נישט געלאַזט מער גיין צו דער אַרבעט. זי האָט גע׳פועל׳ט ביי איר ברודער, טשאַרלס בראַון, ער זאָל אים געבן אַ גרינגערע אַרבעט.

בראַונס געשעפט האָט זיך אויסגעברייטערט, זיך אויסגעשפּרייט אויף אַ גרעסערן שטח, האָט בראַון אָנגעשטעלט זיין פּלימעניק אַלס נאַכט־וועכטער. קלאַמזי איז געווען צופרידן פון זיין נייעם דזשאַב אויף וועלכן ער האָט מער נישט געדאַרפט הערן די שפּאָטערייען אויף זיין חשבון. דאָ איז ער געווען אין די שטילע בלויע אויסגעשטערנטע נעכט איינינעם מיט נאָך אַ וועכטער, דער אַלטער איינגעהויקערטער ביל, וועמען ער האָט ליב באַקומען. דערצו האָט ער צובאַקומען אַ נייעם פריינט, אַ דייטשן פּאָליציי־הונט, פריץ. פריץ האָט ביינט געהאַט אַז אַ נייער מענטש זאָל אַריינטרעטן אין זיין ביינאַכטיקער קעניגרייך, אַ פרעמדער טאָר נישט אַריינשמעקן אין זיין באַסעס געשעפט, נאָר צו קלאַמזין האָט ער זיך באַצויגן מיט פריינטשאַפט.

ביל האָט באַפוילן פריצן צו געבן קלאַמזין זיין לאַפּע. צום ערשטן האָט פריץ אויסגעשטרעקט קלאַמזין זיין פאָדערשטן פוס, גלייכגילטיק, כמעט אַ ברוגז׳ער, נישט געווען זיכער אין דער פריינטשאַפט צווישן קלאַמזין און זיין באַס, ביל. נאָר אַז קלאַמזי האָט אים דערלאַנגט אַ טאָרבע פלייש און ביינער, איז ער געוואָרן נעענטער צו אים. דערביי האָט קלאַמזי אויסגעהערט אַ לעקציע פון בילן וועגן מענטש און הינט.

— אַ הונט איז ווי אַ מענטש; וועז מען גיט אים עסן ווערט ער דיין פריינט. נאָר דער אונטערשיד צווישן אַ הונט און אַ מענטשן איז דער, וואָס דער הונט איז מער נאָבל ווי אַ געוויסער קלאַס מענטשן. יענעם מין מענטש קאָנסטו אָנהאָדעווען און מיינסט, אַז ער איז דיין פריינט, נאָר ביי דער ערשטער געלעגנהייט וועט ער דיך פאַרראַטן, און צונעמען דיין געלט, דיין ווייב און טאָכטער און ווען דו נייטיקסט זיך אין זיין הילף איז ער נישטאָ אין דער היים . . . אָבער אַ הונט איז עפּעס אַנדערש. ער איז דיר דער געטרייסטער פריינט. מעגסט אים אָוועקפירן ווייט, אויף הונדערטער מיילן און אַפילו וועז מען וועט אים דאָרטן געבן די בעסטע מאכלים וועט ער זיך צו דיר אומ־קערן. ער וועט גראָבלען אין טיר און מעלדן: עפן אויף, איך, דיין פריינט בין דאָ! אַ הונט וועט דיך אויך נישט איבערלאָזן ווען דו געפינסט זיך אין נויט. ער וועט דיך באַשיצן מיט אַלע זיינע הינטישע כוחות, ער וועט זיך וואַרפן אויף דיין שונא און מלחמה האַלטן פאַר דיר, און איינשטעלן זיין לעבן פאַר זיין פריינט.

— או־וואָ! — האָט קלאַמזי אויסגערופן, — אַזאַ מענטש איז אַ הונט!

— יאָ, אַזאַ פיין באַשעפעניש איז ער! — האָט ביל געזאָגט לאַכנדיק.

— איצט, קלאָמזי, אַז ביסט מיין העלפּער, וועל איך שוין קאָנען כאַפּן אַ דרימל, גיין אַהיים אַביסל פריער, פיר אַ זייגער, און דו וועסט דאָ בלייבן ביז פאַרטאָג. פאַרגעס נישט אויפן וועג אַ היים אַריינגיין צום נעגער אין רעסטאָראַן און ער וועט דיר געבן אַביסל פליישׂ און ביינער פאַר פּריצן. זאָג אים, אַז איך האָב דיך געשיקט. געדענק, אויב וועסט נישט ברענגען דאָס פליישׂ וועט פּריץ בלייבן הונגעריק און ער וועט זיין אין כעס אויף דיר און מיט דיר נישט ריידן . . .

קלאָמזי האָט נישט פאַרגעסן. ער האָט אַ גאַנצע נאַכט געטראַכט וועגן דעם הונט, און האָט ליב באַקומען פּריצן. ער האָט געוואָרט עס זאָל שוין ליכטיק ווערן ער זאָל קאָנען אַריינגיין אין רעסטאָראַן און מיטנעמען אַ פעטן מאָלצייט פאַר זיין נייעם פריינט — פּריץ . . .

ווי נאָר קלאָמזי האָט געעפנט די טיר פונעם רעסטאָראַן, האָט אים דזשים גלייך דערקענט און פרייליך אויסגערופן: — קלאָמזי, וואָס שטייסטו ביי דער טיר, קום אַריין! קלאָמזי האָט שווער אַריבערגעשפּאַנט די שוועל און שטרענג באַטראַכט דעם אייגנטימער.

— דערקענסט מיך נישט, קלאָמזי? — האָט דזשים געשמייכלט.

— איך קען דיך, אָבער איך ווייס נישט ווער דו ביזט, — האָט קלאָמזי גערעדט ווי פון שלאָף.

— איך בין דזשים, דער געוועזענער טראָק־טרייבער, דיין פריינט, געדענקסט מיך נישט?

דזשימס שטים האָט קלאָמזין אויפגעוועקט:

— דזשים, דזשים, דאָס ביסטו? — האָט קלאָמזי געטייטלט אויף אים מיט זיין ווייז־פינגער, — ווען ביזטו צוריקגעקומען פון דער מלחמה? ביזט נישט גע'הרג'עט געוואָרן?

דזשים האָט הארציק געלאַכט:

— ביזט עלטער געוואָרן, קלאָמזי, נאָר נישט קליגער. זעץ זיך און מירן עסן אַ געשמאַקן מאָלצייט און מיר וועלן האָבן אַ שמועס.

דזשים און קלאָמזי האָבן באַנייט זייער פריינטשאַפט, און קלאָמזי איז געוואָרן אַ גליקלעכער מענטש. אין די נעכט האָט ער פאַרבראַכט מיטן כלב און אינדערפרי פלעגט ער האָבן אַ גוטן פרישטיק ביי דזשימען. חוץ פּריצן, דזשימען און די מאַמע האָבן פאַר קלאָמזין קיינער נישט עקזיסטירט. זיי האָט ער ליב געהאַט, ווייל זיי האָבן אים קיינמאָל נישט געזידלט, נישט געלאַכט פון אים און זיי זענען געוואָרן זיין וועלט. מער האָט ער נישט געדאַרפט. דזשימען האָט ער געהאַלטן ווי אַ ברודער.

אויך דזשימי האָט געוואוסט, אַז קלאָמזי האָט אים ליב און זייער פריינטשאַפט איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג.

דזשים האָט רחמנות געהאַט אויף דעם אומגעלומפּערטן ווייסן בחור און האָט געטראַכט, אַז אַלע צרות אויף דער וועלט נעמען זיך פון דעם וואָס ביי מענטשן פעלט דאָס ביסל רחמנות. דער זאַטער און שטאַרקערער נוצט אוים דעם שוואַכן און עלנטן, דער קליגערער און כיטרערער ווייסט ווי אויס־צונוצן דעם נאַאיוון און דעם תם. די רייכע ווייסן ווי צו פאַרשקלאַפן די אָרעמע, און מען מאַכט מלחמות און אומגליקן, אַלץ צוליב דעם וואָס עס פעלט דאָס ביסל רחמים אויף דער וועלט. ער איז געווען זיכער, אַז ווען מענטשן וואָלטן געהאַט מער רחמים אין זייערע הערצער, וואָלט דאָס גע־ווען גענוג צו צוימען די חיה רעה אינעם מענטשן און אַלע מענטשן וואָלטן געווען גליקלעכער, שענער, בעסער. דזשים האָט אויך געטראַכט, אַז נעגערס האָבן מער רחמנות ווי די ווייסע. עס האָט אים נאָר געמאַטערט די פראַגע: צי די נעגערס וואָס ווערן רייך לעשט זיך ביי זיי אויך אוים יעדער פונק פון רחמנות, ווי ביי די ווייסע?

מיט גערולד האָט דזשים אויסגעהערט קלאָמזים מעשיות וועגן זיין הונט, פריץ, און וועגן דעם נאַכט־וועכטער, ביל. קלאָמזי האָט געליבט דעם הונט ווי די קליגסטע חיה אויף דער וועלט, פלעגט שילדערן ווי פריץ לייגט אַרויף זיינע לאַפּעס אים אויף די קני און ווי ער פאָלגט אים, טוט אַלץ וואָס ער, קלאָמזי באַפעלט אים צו טאָן.

— מעגסט זען ווי שטיל פריץ איז ווען ביל כאַפּט אַ דרימל און ווי פריילעך ער ווערט ווען דער וועכטער כאַפּט זיך אויף, ווי ער טאַנצט אַרום אים און באַגריסט אים מיט אַ גוט־מאָרגן, און ווי ער פאָלגט אויס אַלץ וואָס מען הייסט אים. — דו מוזט זיך באַקענען מיט פריצן, איך רעד צו אים וועגן דיר טאָג און נאַכט, — האָט קלאָמזי גערעדט מיט באַגייסטערונג און זיינע אויגן האָבן געפינקלט.

— אָפּט באַפעלט ביל פריצן אים ברענגען דעם שטעקן, און פריץ פאַר־שטייט און ברענגט דעם שטעקן אין מויל. ביל, דאַרפסטו וויסן קאָן זיך נישט באַגיין אָן אַ שטעקן. ביל איז אַ סטאָליער און האָט יאָרן לאַנג געאַרבעט ביי טשאַרלי בראַון. נאָר איינמאָל, ווען ער איז געשטאַנען אויף אַ לייטער, איז פּלוצים אָנגעפאָרן טשאַרלס עלטערער זון מיט זיין אויטאָמאָביל, אומגע־וואָרפן דעם לייטער און ביל איז געפאַלן און זיך צעבראָכן אַ פוס. ביל איז אָפּגעלעגן אין שפּיטאָל אַ לאַנגע צייט. איצט הינקט ער. טשאַרלי האָט אים געמאַכט פאַר זיין נאַכט־היטער. זעסט, דזשים, מיין אָנקל טשאַרלס איז אַ לייטישער מענטש! . . .

איינמאָל האָט קלאָמזי סתם אַזוי אַ זאָג געטאָן:

— ווייסט, דזשים, זיי גייען לינטשן אַ ניגער!

דזשים האָט נישט דערציילט קלאָמזין וועגן סוזיס אַרעסט. געטראַכט, אַז עס איז אַ צו טיפער עניין פאַר דעם בחור. ער וועט עס נישט באַנעמען, וועט גאָרנישט פאַרשטיין. ער האָט אויך געוואוסט, אַז קלאָמזי ווייסט גאָר־נישט ווי ערנסט עס איז די מעשה מיט לינטשן אַ נעגער, דאָך האָט ער גע־האַלטן, אַז די נייעס איז פון גרויס וויכטיקייט.

— אַזוי, זיי גייען לינטשן אַ ניגער, קלאָמזי, און דו ווייסט ווער עס זע־נען די וואָס גרייטן צו דעם לינטש? — האָט דזשים אים געפרעגט.

— ביל האָט עס מיר נעכטן דערציילט. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ווען די מענטשן וועלן מיך רופן אין זייער אויטאָמאָביל זאָל איך נישט גיין, ווייל זיי גייען לינטשן אַ ניגער. זאָלסט נישט גיין, דו הערסט וואָס איך זאָג דיר, האָט ער מיר שטרענג אָנגעזאָגט, — האָט קלאָמזי געררעדט. — זאָלסט זיצן דאָ מיט מיר און מיט פריצן, און זאָלסט נישט גיין מיט זיי, האָט ביל מיר באַפוילן.

2

# גרייטן אַ „לינטשינג"

ווי נאָר קלאָמזי האָט אים פאַרלאָזן, איז דזשים אַריינגעלאָפן אין דזשעספּערס צימער, וואו דזשעספּער איז געשלאָפן און אויסגערופן:

— דזשעספּ, אַרויס פון בעט. איך דאַרף דיר עפּעס דערציילן. ס'איז זייער וויכטיק!

דזשעספּער האָט זיך אויפגעזעצט, זיך געריבן די אויגן און געזאָגט געלאַסן:

— שריי נישט, דזשים. דאָס ערשטע איז אינדערפרי וויכטיק צו טרינקען אַ טעפּל הייסע קאַווע . . . ווי וויכטיק עפּעס זאָל נישט זיין, איז דער פרישטיק וויכטיקער.

דזשעספּער האָט פּאַמעלעך געזופּט פון דעם טעפּל און זיך צוגעהערט צו דזשימס באַריכט. טיפע און לאַנגע קנייטשן האָבן זיך אויסגעלייגט אויף דזשעספּערס שטערן.

— דיין גולם האָט דיר נישט געזאָגט, ווען זיי גייען פּראַווען דעם לינטשינג באַנקעט? — האָט דזשעספּער געפרעגט.

— ניין, כ'האָב אים נישט געפרעגט, ווייל איך בין געווען צעטומלט, — האָט דזשים געענטפערט מיט אַ ציטערדיק קול.

— עס איז קלאָר, אַז די הינטישע זין ווייסן שוין פון אונדזערע פּלענער, ווייסן פון אונדזער אסיפה אין דער קירך לעצטן זונטיק. זיי ווייסן, אַז מיר זאַמלען חתימות און אַז אונדזערע אַדוואָקאַטן גרייטן צו אַן אַפּיל. דאָס ברענט זיי, די הינטישע זין. דעריבער פּלאַנירן זיי אַ לינטשינג־באַנקעט. מיך און דיך. יאָ, עס שטימט.

— אויב אַזוי, דזשעספּער, לאָמיר זיך גלייך אַרויסציען פון דאַנען, נאָך היינט, — האָט זיך דזשים געבעטן.

דזשעספּער האָט פאַרוויכערט, אַרויסגעלאָזן אַ וואָלקן רויך און נאָכדעם געזאָגט:

— אַנטלויפן, וואוהין? ניין, אַנטלויפן טויג נישט, — האָט ער זיך געוויגט אויף זיין בענקל, — מיר מוזן דורכפירן אונדזער פּלאַן. דאָס ווילן זיי מיר זאָלן אַנטלויפן. זיי ווילן אויך אָנוואַרפן אַ פּחד אויף אַלע נעגערס וואָס שרייבן אונטער די פּעטיציע. זיי האָבן מורא פאַר דעם, די הינטישע זין! מיר וועלן אין ערגעץ נישט אַנטלויפן, דזשים! — האָט דזשעספּער פאַרענדיקט

אַנטשלאָפֿן. — ניין, מיר לויפֿן נישט. קום מיט מיר, דזשים, מיר האָבן וויכטי־קע אַרבעט.

נאָכן זון־פֿאַרגאַנג האָבן פֿיר פּאָר געזונטע און שטאַרקע נעגערס, באַוואָפֿנט מיט בלייענע רערן, זיך אַריינגעשטעלט אין דזשימס הויז. דזשעספּער איז נישט געווען איינער פֿון זיי. עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דזשעספּער זאָל בלייבן אין זיין היים, און אַז אויב מען וועט דאַרפֿן זאָל זיי דזשעספּער באַזאָרגן מיט לאָיערס צו פֿאַרטיידיקן.

הינטער די ביימלעך זענען צוויי נעגערס געשטאַנען און געהיט יעדן אויטאָמאָביל וואָס איז דורכגעפֿאָרן. יעדע צוויי שטונדן האָט די וואַך זיך געביטן. ביינאַכט האָבן זיי געוואַכט און בייטאָג זענען זיי געשלאָפֿן.

צוויי נעכט, אָנגעלאָדן מיט נערוועזער אָנגעשטרענגטקייט, זענען אַוועק. די דריטע נאַכט האָט עס פּאַסירט.

אַ גאַנצן טאָג האָט געפֿלאַקערט די זון, און האָט אָנגעגליט דאָס שוואַכע דרום׳דיקע ווינטל. פֿאַר דער שקיעה איז די זון געוואָרן אַ קיילעכדיק, פֿייערדיק ראָד און איז ביסלעכווייז געזונקען און פֿאַרשוואונדן אין דעם מערב׳דיקן ראַנד פֿון הימל, וואָס האָט געברענט מיט אַ העליש פֿייער, וואָס זי האָט צעצונדן די לעצטע רגע׳ס פֿון איר פֿייערדיקן אונטערגאַנג.

די נאַכט איז גיך צוגעפֿאַלן, האָט אויסגעלאָשן דאָס פֿייער אויף דעם ברענענדיקן הימל, האָט געקילט די לופֿט, און האָט דערפֿרישט, געקרעפֿטיקט, דערמוטיקט און אויפֿגעלעבט דאָס פֿאַרלאָזטע ווינטל, און איינגעהילט דעם גאַנצן געגנט אין פֿינצטערניש, און אין ביינאַכטיקער סודות׳דיקער שטילקייט.

שניי־ווייסע כמאַרעס האָבן זיך פֿויל געגליטשט איבערן בלויען הימל. צוויי ריזיקע כמאַרעס האָבן זיך באַגעגנט, זיך שטיל באַהעפֿט און פֿאַראייניקט, און גיך זיך צעשיידט, און זיך צעריסן אויף קלענערע וואַנדערנדיקע כמאַרעס־בערג, און צווישן זיי, פֿון די טיפֿע בלויע טאָלן האָט אַרויסגעפֿינקלט אַ שטערן, און די האַלבע בלאַסע לבנה האָט שוואַך אַ שיין געטאָן, און איז גיך ווידער פֿאַרדעקט געוואָרן פֿון די שווימענדיקע ריזיקע, שניי־ווייסע פּוכקע כמאַרעס־בערג.

צוויי אויטאָמאָבילן האָבן זיך אָפּגעשטעלט לעבן דזשימס סאַלון, און פֿיר פֿאַרמאַסקירטע ווייסע מענער זענען אַרויסגעשטיגן. עטלעכע שטילע קלעפּ אין דער טיר. דזשים האָט געעפֿנט.

— קום מיט אונדז, דו שוואַרצע מאַלפּע!

— וווּ זענט איר? — האָט דזשים אויסגעשריגן.

פֿיר קיילעכדיקע שטיקער האָלץ האָבן אים אַרומגערינגלט, און בליי־

שנעל האָט איין שטיק האָלץ מיט אַ ווילדער קראַפט אַ זעץ געטאָן איבער דזשימס קאָפּ. אַ האַלב־באַוואוסטלאָזן האָבן זיי אים געשלעפּט צו זייער אויטאָמאָביל, נאָר זיי זענען פאַרהאַלטן געוואָרן אויפן וועג.

זיי האָבן זיך נישט גערעכנט אויף אַזאַ פייערלעכער אויפנאַמע. זיבן צעצאָרנטע און באַוואָפנטע נעגערס האָבן אַרומגערינגלט די ווייסע נעגער־לינטשערס, און עס האָט זיך צעוויקלט אַ בלוטיקער געראַנגל. דער טרייבער פון איין אויטאָמאָביל האָט געשאָסן דורכן פענצטער פון זיין רעוואָלווער און איז אַנטלאָפן. דער טרייבער פון צווייטן אויטאָמאָביל איז אַרויסגעלאָפן מיט אַ פעקל אין האַנט און דאָס אַ וואָרף געטאָן אויף דזשימס סאַלון. דאָס פּעקל האָט אויסגעריסן מיט אַ מורא׳דיקן קראַך. דער באָמבע־וואַרפער איז צוריק אַריין אין אויטאָמאָביל און איז אַנטלאָפן.

נאָר נישט דער שאָס פון דעם רעוואָלווער און נישט דער אויפרייס פון דער באָמבע האָבן באַוויזן אָפּצושטעלן דאָס בלוטיקע געשלעג פאַר די הייליקע פּרינציפּן פון „רעכט און פרייהייט". די פאַרמאַסקירטע ווייסע האָבן מורא׳דיק געקעמפט פאַר דער אומבאַגרענעצטער רעכט און אומגעשטערטער פרייהייט פון ווייסע באַנדיטן צו לינטשן נעגערס, יוניאָן־פירער און „אומגעווינטשטע", און די נעגערס האָבן פאַרצווייפלט און אומדערשראָקן געקעמפט פאַר דעם רעכט פון די מיליאָנען שוואַרץ־הויטיקע צו לעבן און צו גענען פון די פרייהייטן אַלס גלייכבאַרעכטיקטע מענטשן.

פּאָליציי, פייערלעשער און אַן אַמבולאַנס זענען אָנגעלאָפן מיט אַ קוויטשענדיקן און טומלדיקן געפּילדער, נאָר ס׳איז שוין געווען צו שפּעט. דער אַמבולאַנס האָט אַוועקגעפירט אין שפּיטאָל זיבן שווער־פאַרוואונדעטע: פיר ווייסע און דריי נעגערס. דזשימס סאַלון האָט אָפּגעברענט. די פייערלעשער האָבן בלויז אָפּגעראַטעוועט סוזים הויז. זיי האָבן געגאָסן שטראָמען וואַסער אויף דעם קליינעם הויז, און די פונקען וואָס זענען געפלויגן פון פלאַקערדיקן סאַלון, זענען פאַרלאָשן געוואָרן אויף דעם נאַסן דאַך און אין די נאַסע ווענט פון סוזים הויז.

דער קראַך פון דער באָמבע, וואָס האָט צעשמעטערט און אונטערגעצונדן דזשימס סאַלון, האָט אויפגעוועקט דזשעספּערן פון זיין שלאָף. ער איז אַרויס פון בעט, האָסטיק אַרויפגעצויגן זיינע קליידער, מיט דעם רעוואָלווער אין האַנט, איז ער אַרויס אויף דעם גאַניק, און זיך איינגעהערט צו דער שטילקייט פון דער נאַכט. ער האָט באַמערקט, אַז ערגעץ ווייט רויטלט זיך אַ שטיקל הימל אין דער ביינאַכטיקער פינצטערניש.

פון דער ווייטן האָט ער באַמערקט אַ סילועט און ער האָט אָנגעשטעלט

זיין רעוואָלווער. שטיל האָט זיך געשאַרט אַ שאָטן פון אַ מענטשן, און איז געפאַלן אויף די טרעפּ פון דזשעספּערס הויז.

— הענדי? הענדי, דאָס ביזטו?

— העלאָ, דזשעספּ, — האָט הענדי שוואַך אַרויסגעמורמלט.

— ביזט פאַרוואונדעט, הענדי? קום אַריין אין שטוב. קום, כ׳וועל דיר העלפן.

— איך בין נישט פאַרוואונדעט, בלויז אַ שטאַרקער קאָפּ־ווייטיק פונעם קלאַפּ וואָס אַ לינטשער האָט מיר דערלאַנגט מיט זיין שטיק האָלץ, — האָט הענדי געענטפערט.

אין שטוב האָט הענדי דורשטיק אַריינגעגאָסן דעם טרונק וואָס דזשעספּער האָט אים דערלאַנגט.

— נו, הענדי, איצט דערצייל וואָס איז געשען.

— מיר האָבן זיי געדעקט, דזשעספּ. פּינקטלעך לויט דעם פּלאַן, און כ׳בין זיכער, אַז די פיר לינטשערס וואָס האָבן געשלעפּט דזשימין אין זייער אויטאָמאָביל, ליגן דאָרט פאַרפראָרענע.

— און וויפל אונדזערע, און וואו איז דזשים?

— איך ווייס נישט, דזשעספּ. איך בין געווען פאַרנומען, און אין מיטן דרינען, וואַפּ!

— איך האָב באַקומען איין זעץ און בין אומגעפאַלן, אָבער ס׳וועט אי־בערגיין. דער עיקר איז וואָס מיר האָבן זיי דערלאַנגט. כ׳זאָג דיר, דזשעספּער, מיר האָבן זיי ריכטיק דערלאַנגט.

— לייג זיך אַוועק אויף מיין בעט.

— און וואו איז נענסי מיט איר מוטער?

— זיי וואוינען ביים רעווערענד, זינט נעכטן.

— האָסט גוט געטאָן, דזשעספּער. גיב אַהער נאָך אַביסל בראַנפן. באַלד וועסטו אפשר האָבן נאָך געסט. מיר האָבן אָפּגעמאַכט, אַז ווער עס וועט אַרויס אַ לעבעדיקער פון דער שלאַכט זאָל אַריבערקומען אַהער. ס׳איז מעגלעך, אַז די לינטשערס זאָל זיך גלוסטן אָפּשטעקן אַ וויזיט אין דיין הויז . . .

— אָבער מיר האָבן דאָך אָפּגערעדט זיך צו טרעפן ביי מיקין.

— איך ווייס, נאָר מיר האָבן געענדערט דעם פּלאַן. מיר האָבן מורא גע־האַט, אַז די לינטשערס וועלן אויך קומען נאָך דיר.

עס זענען באַלד אָנגעקומען נאָך פיר נעגערס. צוויי פון זיי זענען געווען צעבלוטיקטע.

— הייסט עס, אַז מיר האָבן דריי פאַרוואונדעטע און זיי פיר, און דזשימס סאַלון האָט אָפּגעברענט, — האָט דזשעספּער אונטערגעצויגן דעם חשבון.

# אַ „פּרייז־פּייט“ ...

פֿאַרטאָג האָט דזשעספּער טעלעפֿאָנירט צום אַדוואָקאַט. דער אַדוואָקאַט האָט אים פֿאַרזיכערט, אַז ביז דריי שעה וועט ער זיין ביי אים אין הויז און אים געהייסן בלייבן אין הויז, וואָס עס זאָל נישט פּאַסירן, סיידן זיין הויז וועט ברענען.

ווען דער אַדוואָקאַט איז אָנגעקומען האָט אים דזשעספּער איבערגעגעבן אַלע איינצלהייטן. ער האָט געפרעגט דזשעספּערן צי קיינער פון די נעגערס האָט נישט געשאָסן פון אַ רעוואָלווער און אים געפרעגט, צי עמעצער האָט געזען ווער עס האָט געשליידערט די באָמבע אויף דזשימס סאַלון. דזשעספּער האָט אים געזאָגט, אַז קיינער האָט נישט געזען, ווייל זיי זענען געווען פֿאַרנומען אין דער וויכטיקער דעבאַטע.

דער אַדוואָקאַט האָט געוואָרנט דזשעספּערן, אַז די לאַגע איז נישט קיין גוטע. ס'איז נישט גוט, זייער נישט גוט. ס'איז נישט קיין באַל־שפּיל און דיינע חכמות, דזשעספּער, קריכן מיר איצט נישט אין קאָפּ אַריין.

— נישט קיין באַל־שפּיל, נאָר אַ פּרייז־פּייט, — האָט דזשעספּער געזאָגט. — מיר האָבן געצאָלט אַ הויכן פּרייז פֿאַר מענטשלעכער ווערדע.

דער אַדוואָקאַט האָט געזאָגט דזשעספּערן, אַז וועגן דעם פֿאַרטיידיקונגס־פּלאַן וועט ער מיט אים רעדן שפּעטער, און זאָל ער אים מער נישט דרייען אַ קאָפּ מיט פראַזן וועגן מענטשן־ווערדע. ער וועט איצט אַריבערגיין אין שפּיטאָל און זאָל ער געדענקען, וואָס ער האָט אים אָנגעזאָגט: בלייבן אין דער היים.

ווען דער אַדוואָקאַט איז צוריקגעקומען האָט ער געזאָגט דזשעספּערן, אַז ער האָט פֿאַר אים נישט קיין פרייליכע נייעס. די פיר ווייסע זענען אין אַן ערנסטן צושטאַנד. זיי ליגן מיט צעבראָכענע נעזן, אויסגעהאַקטע ציין און צעשפּאָלטענע קעפּ. ס'איז שוין איינמאָל געווען אַ „פּרייז־פּייט“! אַן אמת'ע מלחמה!

— און וואָס איז מיט די נעגערס? — האָט דזשעספּער געפרעגט.

— בלויז איין נעגער, פּיליפּ, האָט שלעכט אָפּגעשניטן. מעגלעך אַז ער וועט פֿאַרלירן אַן אויג. דזשים און אַ צווייטער האָבן באַקומען קלעפּ. דער טייוול וועט זיי נישט נעמען.

— ס'איז נישט גוט, — האָט דער אַדוואָקאַט איבערגע'חזר'ט, — שלעכט! זייער שלעכט!

— ס'איז שלעכט, וואָס קיינער פון די לינטשערס האָט נישט אָוועקגע־פּגר'ט, — האָט דזשעספּער געמורמלט.

— און דאָס איז אַ גליק! — האָט דער אַדוואָקאַט געזאָגט כמעט אויפגערעגט.

— גערעכט. איך שטים איין מיט דיר. זאָלן זיי לעבן און זיך אַרומ־טראָגן מיט קין'ס צייכן אויף זייערע פּנים'ער, די לינטשערס.

דער אַדוואָקאַט האָט געשוויגן. ער האָט געקוקט אויף דזשעספּערן און געטראַכט: „גאָט, ווי זיי האָבן אונדז פּיינט!" אַ גליענדיקער האָס פון דורות האָט זיך אָנגעזאַמלט אין זייערע הערצער אויף די ווייסע אויסנוצערס און לינטשערס. פריער אָדער שפּעטער וועט זיך דער האָס צעגיסן ווי אַ לאַווע און וועט חרוב מאַכן אַלץ וואָס וועט די נעגער שטיין אין וועג. עפּעס מוז געטאָן ווערן, נאָר די הערשנדיקע קרייזן זענען טויב, בלינד און פאַר־שקלאַפט צו פאַראורטיילן. די מאַכטהאָבער זענען אַ קאָמבינאַציע פון הויך־געלערנטע אידיאָטן, געוויסנלאָזע שאַרלאַטאַנעס און פרינצן, וואָס וואוינען אין רייכע פּאַלאַצן. זיי זייען ווינט און וועלן שניידן דעם שטורעם, וואָס וועט אַריבער איבער אַלע, — די שולדיקע ווי די אומשולדיקע. אַ שטורעם־ווינט קלייבט נישט אויס.

— איר האָט געדרעמלט, מיסטער אַדוואָקאַט? — האָט דזשעספּער געפרעגט, — איך האָב אייך אויפגעוועקט צו פרי?

— ניין, איך שלאָף נישט. איך טראַכט, אַז אָפּשטעקן אַ וויזיט ביים דיסטריקט־אַטוירני קאָן נישט שאַטן. איך וועל אַריבערגיין צו אים. זאָל ער וויסן, אַז איך בין דאָ, וועט ער אפשר זיין מער פּאָרזיכטיק. זיי פאַרמאָגן אַ סך טאַלאַנט צו באַגראָבן אַ נעגער לעבעדיקערהייט, און אַלץ אין נאָמען פון געזעץ און אָרדענונג. וואַרט אויף מיר, איך וועל באַלד זיין צוריק.

:: :: ::

דזשעספּער האָט זיך געוואונדערט וואָס דער אָנגעכמורעטער אַדוואָקאַט איז צוריקגעקומען פון דיסטריקט־אַטוירני אַ פריילעכער.

— עס לייטערט זיך אויס דער האָריזאָנט, דזשעספּער, — האָט דער אַדוואָקאַט געזאָגט, — כ'האָב געגעסן מיטיק מיט דעם דיסטריקט אַטוירני. ער האָט געעפנט פאַר מיר די קאָרטן. ער וועט באַווייזן אין געריכט, זאָגט ער, אַז ווייסע אָנשטענדיקע מענטשן האָבן אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פון ביג דזשימ'ס סאַלון, געוואָלט נעמען אַ טרונק און מען איז זיי אומגעריכט באַ־פאַלן און מערדערלעך געשלאָגן. איך האָב, פאַרשטייט זיך, הארציק געלאַכט ווען איך האָב געהערט די מעשה. ער איז אַ פאַרלוירענער, דער נעבעכדיקער

דיסטריקט אַטוירני. ווייסט נישט ווי אַזוי אויפצושטעלן זיין פאַרטיידיקונג.

— איך האָב אים געפרעגט, צי ווייסט ער אויך וועגן די צוויי אויטאָמאָבילן און ווער די טרייבער זענען געווען. איך האָב אים געגעבן אָנצוהערן, אַז איך קאָן אים העלפן געפינען די פאַרשוואונדענע טרייבער. איך האָב אים געפרעגט נאָך עטלעכע האַרבע פראַגן, און האָב דערביי געפילט, אַז ער איז אויף צרות. האָב איך ביי אים געבעטן דערלויבעניש פאַר מיינע ספּעציאַליסטן צו זוכן אין אַש פון פאַרברענטן סאַלון, כדי דאָרט געפינען די שפּליטערס פון דער באָמבע, וואָס זיינע אָנשטענדיקע פרידלעכע בירגער האָבן געוואָרפן. אוי, האָט ער געשוויצט!

— וואָס פאַר אַ באָמבע, ווער מיר באָמבע, — האָט ער געשטאַמלט מיט דער צונג. — אַ גאַז־רער האָט דאָרטן געפּלאַצט און אַרויסגערופן די שריפה.

— אָבער איך האָב געלאַכט און ער האָט שיער נישט געפּלאַצט. ער האָט מורא פאַר אַ משפּט, וויל עס וועט שאַפן אַ ריח, וואָס וועט זיך טראָגן צו די הימלען. ער וויל דערשטיקן די גאַנצע געשיכטע. דאָס זעסטו, מוז זיין אַ וואונק פון אויבן, פון די גאָר הויכע פענצטער. זיי זיצן אויף הייסע קוילן . . . זיי האָבן מורא פאַר אַ משפּט. דאָס איז קלאָר.

— אגב, דזשעספּער, האָסט אַביסל בראָנפן? אָבער גיב אַ גרויס גלאָז. זשאַלעווע נישט, גיס אָן. עס לייטערט זיך אויס . . .

דזשעספּער האָט געדולדיק געשוויגן.

דער אַדוואָקאַט האָט אַריינגעגאָסן אַ היפּשן טרונק און גלייכגילטיק, טרוקן אַרויסגעלאָזט פון זיין מויל ווערטער, וואָס האָבן געהאָגלט אויף דזשעספּערן, ווי שטיקלעך אייז. — דזשעספּער, ער וויל אַ „דיל“, אַלעס וויל ער איינפּאַקן אין מיין פּעקל.

— יאָ, ער וויל מאַכן אַ „דיל“. ער וועט, זאָגט ער, אַריינגיין מיט מיר צום ריכטער אין קאַבינעט, און וועט אַליין פאַרשלאָגן דעם ריכטער, אויפן גרונט פון נייע באַווייזן, ער זאָל אַרויסלאָזן סוזין פון טורמע. ער גאַראַנטירט מיר, אַז זי וועט פריי ווערן דעם זעלביקן טאָג. ער וויל נישט קיין משפּט. ער וועט קיינעם ניט אָנקלאָגן. אַלע זיבן צע'ממית'טע, די פיר ווייסע און די דריי נעגערס, וועלן זיך אומקערן אַהיים פון שפּיטאָל. נו, וואָס זאָגסטו אויף דעם, דזשעספּער?

— ער שטעלט אָבער איין באַדינג, — האָט דער אַדוואָקאַט צוגעגעבן, — דזשים און זיין משפּחה זאָלן פאַרלאָזן דעם שטאָט, כדי אויסצומיידן נקמה. איז וואָס זאָגסטו, דזשעספּער, צו דעם? — האָט דער אַדוואָקאַט פאַרענדיקט אין אַ מונטערן טאָן.

— אַ לוויזיקער „דיל", אַ לוויזיק פּעקל! — האָט דזשעספּער געענטפערט.

— אדרבא, טראַכט זיך אַריין: דזשימס הויז האָט מען פאַרברענט, איצט ווילן זיי אים פאַרטרייבן פון שטאָט; פאַרוואָס? ווייל ער האָט נישט געוואָלט דערלאָזן מען זאָל אים לינטשן? ווייל ער האָט געוואַגט צו פאַרטיידיקן זיין לעבן? זיי, די לינטשערס וועט מען נישט אַרויסטרייבן, נאָר דער נעגער און זיין פאַמיליע דאַרפן זיין די קרבנות. אַ לוויזיקער „דיל"!

— דזשעספּער, פאַרגעס נישט, אַז אין שפּיטאָל ליגן צע'ניזוק'טע ווייסע, נקמה־אַקטן מצד זייערע פריינט זענען נישט אויסגעשלאָסן.

— און אַז דזשים מיט זיין פאַמיליע וועלן זיך אַרויסציען פון דאַנען, וועלן מער נישט פאָרקומען קיין נקמה־אַקטן קעגן נעגערס?

— דזשעספּער, הער אויף פּלאַפּלען. זיי רעאַליסטיש. הער אויף שוועבן אין די הימלען. קוק אויף דער סיטואַציע מיט ניכטערע אויגן. ס'איז אַ ברוטאַלע ווירקלעכקייט. וואָס מיינסטו, אַז מיט שטעלן זיך קעגן די ווייסע אין דעם פאַרוואָרפענעם ווינקל, וועסטו ברענגען אַ דערלייזונג פאַר מיליאָנען נעגערס? לעבסט, זיי מיר מוחל, אין אַ טעות. טראַכט איבער און רעד זיך דורך מיט דזשימין . . .

:: :: ::

— ביל, דער רעסטאָראַן, דזשימס רעסטאָראַן, האָט אָפּגעברענט, און עס איז קיינער נישטאָ דאָרט, — האָט „קלאָמזי" מיט פאַרצווייפלונג אין קול, דערציילט דעם הויפּט נאַכט־וועכטער פון טשאַרלס בראַון געשעפט.

— האָסט פאַרגעסן, קלאָמזי, — האָט ביל אים געענטפערט, — האָסט פאַרגעסן, אַז כ'האָב דיר געזאָגט, אַז זיי גייען לינטשן אַ ניגער.

— ביל, דו מיינסט, אַז דזשים, מיינסט אַז זיי האָבן געלינטשט דזשימין, מיינסט, אַז זיי — דזשימין? . . .

— יאָ, קלאָמזי. מיט אַ באָמבע האָבן זיי אויפגעריסן זיין סאַלון.

קלאָמזי איז געשטאַנען אַ צעשראָקענער, אַ הילפלאָזער און אַ צעטומלטער. — איך וועל דערציילן מיין אָנקל טשאַרלי, — האָט ער אַ רעווע געטאָן.

— בהמה! — האָט ביל אים פריינטלעך אַ זידל געטאָן, — וואָס וועסטו דערציילן דיין אָנקל? אַז שכל זאָל מען נישט געבוירן ווערן. דיין אָנקל טשאַרלי מיט זיינעביידע זין, עדי און לאַרי, און פעליקס — זיי זענען פאַראַנטוואָרטלעך. זיי האָבן אָרגאַניזירט די לינטשינג־גענג. אַלע אומגליקן קומען פון דיין אָנקל און זיינע זין און פון דער שלאַנג, פעליקס. זיי מעגן

ברענען אויפֿן פֿייער, אַלע אינײַנעם! — ביל האָט אַ שפּײַ געטאָן און איז אַװעקגעגאַנגען אויף זײַנע אינספּעקציעס.

— זײַ האָבן געלינטשט דזשימין, — האָט קלאָמזי געכאָרכלט. טרערן האָבן זיך געגאָסן פֿון זײַנע אויגן. ער האָט דערפֿילט אַ װײטיק אין האַלדז, װי עמעצער װאָלט אים געװאָרגן. זײַנע קני האָבן זיך געבויגן. זײַן האַרץ האָט געקלאַפּט װי מיט האַמערס. עס האָט אים פּלוצים אויסגעפּעלט אָטעם. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד. אַ היץ האָט געגליט זײַן קערפּער. ער איז אײַנגעװייקט געװאָרן אין שװייס. ער האָט געװאָלט שרײַען, נאָר ער האָט בלויז געכאָרכלט. זײַן שװערער קערפּער האָט געציטערט און זיך געקאָרטשעט אין קאָנװאולסיעס. פֿון זײַן מויל האָט אַרויסגעזעצט אַ הייסער שוים. די ערד האָט זיך געװיגט אונטער אים. דערנאָך איז ער געבליבן ליגן פֿאַרמאַטערט, שטיל, שטײף און איז פֿאַרגליװערט און איז אײַנגעזונקען אין אַ טיפֿן שלאָף.

װען ער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט, זענען זײַנע קליידער געװען נאַס פֿון שװייס. ער האָט זיך געװאָלט אויפֿהייבן, נאָר ער האָט נישט געקאָנט. אַ מידער איז ער געבליבן זיצן. זײַן קערפּער איז געװען װי מיט בלײַ אָנגעגאָסן. זײַנע אויגן זענען געװען אָפֿן, נאָר ער האָט גאָרנישט געזען. דאָס בײַנאַכטיקע עלעקטרישע לעמפּל אויף דער טיר פֿון דעם אָפֿיס, האָט געציטערט און געטאַנצט מיט פֿײַער־פֿונקען פֿאַר זײַנע אויגן.

— זײַ האָבן געלינטשט מײַן ברודער דזשים . . . זײַ האָבן געלינטשט מײַן דזשים . . . — האָט ער שטיל געמורמלט און טרערן האָבן זיך געגאָסן פֿון זײַנע אויגן און גערונען איבער זײַן פּנים. — דזשים, דזשים! — האָט ער גערופֿן. — זײַן שטילער רוף איז אײַנגעזאַפּט געװאָרן אין דער בײַנאַכטיקער פֿינצטערניש.

ער איז געקראָכן אויף זײַנע הענט און זײַנע קני און גערופֿן — דזשים, דזשים, דזשים!

ער האָט זיך אויפֿגעזעצט און װידער געמורמלט, — זײַ האָבן געלינטשט מײַן ברודער דזשים!

ער האָט געהאַמערט מיט זײַנע פֿויסטן אין זײַן קאָפּ און איז געװען צופֿרידן װאָס ער פֿילט דעם װײטיק פֿון זײַנע קלעפּ. דערנאָך האָט ער זיך אויפֿגעשטעלט, האָט זיך צוגעװאַקלט צו אַ װאַנט אויפֿגעלייגטע ברעטער, זיך אַרײַנגערוקט אין אַ װינקל און געכליפּעט. זײַנע קני האָבן זיך געבויגן, און ער האָט זיך אַװעקגעזעצט, מיט דער פּלייצע אָנגעשפּאַרט אויף דער װאַנט פֿון די ברעטער און איז אײַנגעשלאָפֿן.

ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט איז שוין געווען ליכטיק. די פּאַרטאַגיקע קילקייט האָט געגלעט זיין פּנים ווי מיט ווייכע פינגער. די שטילקייט האָט אים באַרואיקט, נאָר עמעצער איז געזעסן אויף זיינע אַקסלען, געקלאַפּט מיט העמערלעך אין זיינע שלייפן, און אַריינגערעדט אין זיינע אויערן — „דיין אָנקל טשאַרלי, זיינע זין, עדי און לאַרי און פעליקס האָבן געלינטשעט דיין ברודער דזשים, זאָלן זיי ברענען אויפן פייער".

ער האָט אַ טרייסל געטאָן מיט די אַקסלען, און מיט דער האַנט אַראָפּגעשאַרט יענעם וואָס האָט זיך באַזעצט אויף זיינע אַקסלען, נאָר מיט אַ מינוט שפּעטער איז יענער ווידער אַרויפגעקראָכן אויף זיינע אַקסלען, ווידער געקלאַפּט מיט די העמערלעך אין זיינע שלייפן, און אַריינגערעדט אין זיינע אויערן: — „זיי האָבן געלינטשעט דזשימין, זאָלן זיי ברענען אויפן פייער".

ער איז צוגעגאַנגען צום אָפּיס, וואו עס זענען געשטאַנען עטלעכע עמערס אָנגעפילט מיט וואַסער, האָרט לעבן דער וואַנט. ער האָט זיך אָנגעטרונקען מיט וואַסער און דערפילט זיך דערפרישט. אַן אויטאָמאָביל איז טומלדיק אַריינגעפאָרן אין ברייטן הויף פון בראַונס האָליץ־געשעפט. קלאָמזי, וואָס איז געשטאַנען און זיך געוואָרעמט אין דער פרימאָרגן־זון, האָט דערזען פעליקסן אַרויסגיין פון אויטאָמאָביל.

אַ שטראָם פון קאָכעדיקער ענערגיע האָט אַ פלייץ געטאָן אין קלאָמזיס קערפּער. זיינע מוסקולן האָבן זיך אָנגעשטאַלט, ער האָט געאָטעמט טיף, פריי און לייכט, און זיין גרויסער קערפּער האָט זיך אויסגעגלייכט. מיט פלינקע טריט איז ער אַריין אין פעליקסעס אָפּיס, האָט פאַרמאַכט די טיר הינטער זיך, און איז געבליבן שטיין. אַ ברענענדיקער האַס האָט זיך צעגליט אין זיין האַרץ און אין זיינע געדערים, און זיין קערפּער האָט געציטערט פון כעס.

— פעליקס, דו האָסט געלינטשעט מיין פריינט דעם ניגער דזשים?

— גיי צום טייוול מיט דיין ניגער, דו אייזל! — האָט פעליקס אויסגעברומט.

ווי אַ ווילדע חיה האָט קלאָמזי זיך אַ וואָרף געטאָן אויף פעליקסן, און האָט אַריינגעכאַפּט פעליקסעס גאָרגל אין אַ שטאָלענעם רינג פון זיינע מעכטיקע הענט. פעליקס האָט אַרויסגעכאָרכלט דעם לעצטן אָטעם פון זיין לעבן און איז געפאַלן אויף דער ערד ווי אַ קלאָץ.

לאַרי איז אַריין אין אָפּיס און דערזען פעליקסעס קערפּער ליגן אויף דער ערד. ער האָט געוואָלט אַרויסלויפן, נאָר קלאָמזיס פויסט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף זיין קאָפּ ווי אַ מעכטיקער האַמער, און לאַרי איז אומגעפאַלן. קלאָמזי האָט אים אויפגעהויבן און געררעוועט: — האָסט געלינטשעט דזשי־

מיז, האָסט געלינטשעט . . . — ער האָט אים אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ און אים אומגעוואָרפן אויף פעליקס טויטן קערפּער. קלאָמזי איז געבליבן שטיין, געווישט דעם שווייס פון זיין פּנים און שווער געאָטעמט.

עדי איז אָנגעקומען און דערזען דאָס שוידערלעכע בילד. אויף פעליקסעס שרייב־טיש איז געשטאַנען אַן אויסגעשניטענע נעגער־פיגור פון מאַהאָגאַני־האָלץ. עדי האָט אַ כאַפּ געטאָן די פיגור און האָט מיט איר אַ זעץ געטאָן אין קלאָמזיס קאָפּ. קלאָמזי האָט אַ ברום געטאָן פון ווייטיק. עדי האָט אַ הייב געטאָן די פיגור צו דערלאַנגען קלאָמזין אַ צווייטן זעץ, נאָר קלאָמזי האָט איר אַרומגעכאַפּט מיט זיינע לאַנגע מעכטיקע אָרעמס און איר איינגעקלעמט ווי אין שטאָלענע צוואַנגען.

עדי האָט געקלאַפּט מיט זיינע פויסטן איבער קלאָמזיס פּנים, ער האָט מיט זיינע נעגל געריסן די הויט פון קלאָמזיס פּנים, און קלאָמזיס שטאָלענע אָרעמס האָבן ענגער און ענגער איינגעקלאַמערט עדיס קערפּער. עדיס ווייטיקן זענען געוואָרן אומדערטרעגלעך. ער האָט שווער געאָטעמט, זיינע הענט זענען געבליבן הענגען ווי טויטע גלידער, די שיין פון זיינע אויגן איז אויסגעלאָשן געוואָרן און ער האָט פאַרלוירן זיין באַוואוסטזיין.

— לאָז אים אָפּ! לאָז אים אָפּ! — האָט טשאַרלי בראַון געשריגן. ער האָט אָנגעכאַפּט קלאָמזין ביים גאָרגל און אים געוואָרגן. קלאָמזי האָט באַפרייט עדין, וואָס איז געפאַלן אויף דער ערד ווי אַ שטיין. טשאַרלי האָט באַפרייט קלאָמזיס גאָרגל.

קלאָמזי האָט אויפגעהויבן אַ בענקל און מיט דעם אַ זעץ געטאָן אויף טשאַרלים קאָפּ. דאָס בענקל איז צעפאַלן געוואָרן אויף שטיקלעך, און טשאַרלי איז אַנטשוויגן געוואָרן.

קלאָמזי איז געלאָפן אַרויס פון אָפיס, האָט מיט אייליקע טריט צוגע־שפּאַנט צו אַן עמער וואַסער, איז אויסגעליידיקט, און איז צוגעגאַנגען צו אַ גאַזאָלין־פּאָמפּע, אַרויסגעשלעפּט די גומענע קישקע און אָנגעגאָסן גאַזאָלין אין עמער. ער האָט צוגעטראָגן דעם עמער צום אָפיס, באַגאָסן די ווענט און איז אַריין אינעווייניק. ער האָט אַ ווײַלע געזוכט און באַלד געפונען דעם זילבערנעם ציגאַר־אָנצינדער, אַ רייב געטאָן און אָנגעצונדן די מיט גאַזאָלין באַגאָסענע ווענט. אַ פלאַם האָט אַ שפּאַר געטאָן און אָנגעכאַפּט קלאָמזיס קליידער. ער איז געלאָפן צום וואַסער, אויפגעהויבן איין עמער און זיך אָפּ־געגאָסן, זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד און איז געבליבן ליגן אַ פאַר־חלש׳טער.

רויטע פלאַמען האָבן אַרומגעכאַפּט די גאַנצע געביידע. די פלאַמען האָבן

זיך געקנוילט און געשפּאַרט צום הימל, געשאָסן פונקען. איין וואַנט ברעטער האָט אָנגעהויבן פלאַקערן, אַ צווייטע וואַנט האָט זיך אָנגעכאַפּט. די פלאַמען האָבן באַלד געשפּרונגען און געהוליעט איבער דער גאַנצער לענג און ברייט פון האַליץ־סקלאַד. ווייסע און גרויע זיילן רויך האָבן זיך געשפּאַרט, אַ שטיק הימל האָט זיך אָנגעצונדן.

די פייערלעשער זענען אָנגעלאָפן אויף זייערע לאַנגע וועגענער, אַ גרויסער עולם האָט זיך געקליבן און צוגעקוקט ווי טשאַרלס בראַונס האַליץ־קעניגרייך ברענט. פון דער צווייטער זייט הויף זענען אין אַ לאַנגער ריי גע־שטאַנען די אַרבעטער פון בראַונס געשעפט.

— וואָס ביסטו אַזוי פאַראומערט, דזשאַן? — האָט איין אַרבעטער, אַ הויכער, אַן עלטערער מאַן, געפרעגט, — טשאַרלי האָט גענוג מיליאָנען. ער וועט נישט הונגערן.

— איך זאָרג זיך נישט, מעק, פאַר זיינע מיליאָנען. איך טראַכט, אַז בעסער וואָלט געווען ווען טשאַרלי און זיינע זין זאָלן אָפּגעבראָטן ווערן אין פייער . . .

— און אַנדערע מיליאָנערן זענען דען בעסער? אַלע בלוט־צאַפּערס. פאַראַן נאָר צוויי קלאַסן מיליאָנערן אויף דער וועלט. איינער באַשטייט פון געוויסנלאָזע באַשעפענישן, געלט־דאַרשטיקע און מאַכט־גייציקע פאַרשוינען.

— און דער צווייטער קלאַס?

— דער צווייטער איז נאָך ערגער! טשאַרלי מיט זיינע זין געהערן צו די צווייטע. קיין איין גוטן פריינט האָט ער נישט, נאָר געקויפטע משרתים, וואָס האָבן מורא פאַר אים.

— וואו איז ער, טשאַרלי בראַון, מען זעט אים נישט?

— וואו? ער איז זיך געגאַנגען אָנוואַרעמען אין זיין אייגענעם פייער!

# אומגעקומען אין דער שריפה

— ביסט זיכער, דזשעספּער, אַז די אומגעקומענע אין דער שריפה זע־נען טשאַרלס מיט די זין? — האָט דזשים געפרעגט. די גאַנצע משפחה איז געזעסן אין סוזיס שטוב און געזופּט הייסע קאַווע. נענסי איז געזעסן אין קיך און געשריבן אַ בריוו.

— זיכער, זיכער! מען האָט געפונען אַ גאָלדענע מטבע, וואָס דער אַל־טער האָט געטראָגן ביי זיך פאַר מזל. דער ציין־דאָקטאָר האָט אויך דערקאָנט די גאָלדענע ציין, וואָס פעליקס האָט זיך געמאַכט. מען זעט זיי אין ערגעץ נישט. זיי זענען די אָפּגעבראָטענע. קיינער קאָן אָבער נישט באַנעמען פאַרוואָס זיי האָבן זיך נישט געקאָנט אַרויסראַטעווען פון פייער. סיידן מען זאָל אָננעמען, אַז מען האָט זיי ערגעצוואו דערמאָרדעט און נאָכדעם האָט מען געבראַכט זייערע טויטע קערפּערס אַהער און אונטערגעצונדן די געביידע.

— און וואו איז קלאָמזי?

— אים האָט מען גלייך דערקענט. די טייכן וואַסער וואָס די פייערלעשער האָבן אַ גאַנצן טאָג געגאָסן אויף די פלאַמען, האָבן פאַרהיט זיין קערפּער, ער זאָל נישט פאַרברענט ווערן אויף קויל און אַש ווי די אַנדערע. ער איז געלעגן אין אַ טייך וואַסער.

— פאַרוואָס האָט ער זיך נישט געראַטעוועט?

— ווער ווייסט? מען האַלט, אַז די זעלבע מערדער, וואָס האָבן דער־מאָרדעט די בראַונס האָבן קלאָמזין אויך גע׳הרג׳עט. עס איז נישטאָ קיין איין לעבעדיקער נפש, וואָס זאָל עדות זאָגן וועגן דעם וואָס זאָל האָבן צו־געזען דאָס אומגליק. ס׳האָט געמוזט פאַסירן פאַרטאָג, ווען דער נאַכט־וועכ־טער ביל איז אַוועק און קלאָמזי איז דאָרט געבליבן אַליין. מען זוכט און מען נישטערט אין אַש, מען האָט שוין אויסגעפרעגט אַלע אַרבעטער, דאָס גאַנצע שטעטל, יעדן איינעם וואָס האָט אַמאָל געאַרבעט אין הויז און אין געשעפט ביי די בראַונס. דערווייל האָבן די נעגערס שטאַרק מורא.

— פאַרוואָס האָבן זיי מורא? — האָט סוזי געפרעגט.

— וואָס, האָסט גאָרנישט געהערט פון אַזאַ זאַך ווי אַ בילבול? — האָט דזשים געענטפערט.

— אַזוי איז עס, סוזי, — האָט דזשעספּער געזאָגט, — נעגערס האָבן יעדן גרונט מורא צו האָבן. וואָס עס פאַסירט ביי די ווייסע וואַרפן זיי די שולד אויף די נעגערס.

נענסי איז אַריינגעקומען מיטן אָנגעשריבענעם בריוו.

— שוין? שוין פאַרטיק מיטן געהיימען בריוו. לייען, לאָמיר הערן צו וועמען האָסטו עס געשריבן די אַלע גרויסע סודות. שוין, דאַכט זיך, פינף מאָל, אַז דו האָסט איבערגעשריבן דעם בריוו. צו וועמען שרייבסטו, צו פּרע־זידענט רוזוועלט? — האָט דזשים געפרעגט און געשמייכלט.

— יאָ, געטראָפן! — האָט נענסי געענטפערט און גלייך גענומען לייע־נען:

„צום הויכגעשעצטן פּרעזידענט פרענקלין דעלאַנאָ רוזוועלט!"

— זע נאָר טאַקע, צו אים? וואָס איז דאָס? אַ שפּאָס!

— שלאָג נישט איבער, דזשים, אויב דו ווילסט איך זאָל לייענען.

„מיר, אונדזער פאַמיליע, מיין מאַן און איך, מיין מאַמע און מיין שוועסטער האָבן אייך זייער ליב, און בעטן גאָט פאַר אייער געזונט. אונדזער איינציקער זון, לאַרי דזשים, וואָס איז איצט אויפן שלאַכט־פעלד, פאַרגעטערט אייך ממש!

„מיר האָבן נעכטן געהערט אייער אויסגעצייכנטע רעדע, וואָס איז ווי אַלע אייערע רעדעס, דערהויבן און גייסטרייך.

„איך מוז אייך אָבער זאָגן, מיסטער פּרעזידענט, אַז מיר שטימען נישט איין מיט אייערע ווערטער, אַז אונדזער לאַנד איז אַ פעסטונג פון פרייהייט און דעמאָקראַטיע, און אַלע זענען דאָ גלייך פאַרן געזעץ, אַז די פרייהייט פון יעדן בירגער איז דאָ גאַראַנטירט.

„דאָס זענען שיינע ווערטער, ווי די קאָלירן פון אַ רעגנבויגן, וואָס זענען ווייט אין די הימלען, און מען קאָן זיי נישט דערגרייכן, נישט אָנטאַפּן און נישט נוצן. דאָס זענען ווערטער, וואָס פאַרשווינדן גלייך ווי זיי ווערן אַרויסגעזאָגט און לאָזן איבער דעם מענטשן, וואָס הערט זיי מיט אַ נאָגנדיקער בענקעניש אין האַרץ.

„מיסטער פּרעזידענט, אונדזער פאַמיליע איז אַ אָנשטענדיקע פאַמיליע, אַן אַרבעטזאַמע, וואָס מיר האָבן דורכגעלעבט די לעצטע יאָרן, וועגן דעם וואָלט מען געדאַרפט אָנשרייבן אַ גאַנצן בוך. מיר זענען פאַרפאָלגט געוואָרן פון די אַזוי־גערופענע געזעץ־היטער אָן שום סיבה. מען האָט אויפגעריסן אונדזער הויז, מערדעלעך צעשלאָגן מיין מאַן און ער איז קוים אַרויס אַ לעבעדיקער פון לינטשערס הענט.

„אונדזער איינציקע זינד באַשטייט אין דעם, וואָס מיר זענען נעגערס. איך דאַרף אייך נישט זאָגן, מר. פּרעזידענט, אַז מיליאָנען נע־

גערס זענען נאָך אַליץ ווי שקלאַפן, באַרויבטע פון יעדן מין מענטשלעכע רעכט און פרייהייט. איר ווייסט דאָס אַליין.

„דערפאַר וואונדערט מיך, וואָס איר קאָנט באַהויפּטן אין אייערער אַ רעדע, אַז אונדזער לאַנד איז אַ פעסטונג פון פרייהייט און דעמאָ־קראַטיע. פאַר וועמען איז זי די פעסטונג, פאַר די מיליאָנען נעגערס, וואָס לעבן אין ערגסטן גיהנום?

„איך פרעג אייך, מיסטער פּרעזידענט, ווען וועלן מיר אַמאָל אויסגעלייזט ווערן פון דעם גיהנום?

„מיט רעספּעקט,

„נענסי בישאָפּ".

— מיינסט טאַקע ערנסט צו שיקן דעם בריוו צום פּרעזידענט? — האָט דזשים זי געפרעגט.

— ביזט אַראָפּ פון זינען, זוכסט זיך צרות? ווילסט טאַקע אָפּשיקן דעם בריוו? — האָט די אַלטע מערי געזאָגט. — ווען דאָך אונדז אומגליקלעך מאַכן, נענסי. בעסער שווייג, ווי איך, לייד און שווייג. פאַרברען דעם בריוו, זאָג איך דיר. איך באַפעל עס דיר ווי אַ מאַמע. אַזאַ חוצפּה, אַזאַ משוגעת! שרייבן אַ בריוו צום פּרעזידענט!

— וואָס, ס'איז דען נישט אמת, וואָס צאַרנסטו מאַמע, אַוודאי דאַרף מען שרייבן דעם פּרעזידענט. ער מעג וויסן . . . און וואָס טראַכסטו וועגן דעם בריוו, דזשעספּער? — האָט סוזי געזאָגט.

דזשעספּער איז צוגעגאַנגען צו נענסין, זי אַרומגענומען און אַ קוש גע־טאָן, און גענומען איר האַנט אין זיינער:

— איך בין שטאָלץ מיט דיר, נענסי, ביזט אַ מענטש מיט שכל און זעלבסט־ווירדע! דיין בריוו איז אַ וויכטיקער דאָקומענט. ס'איז אַן אויסגע־שריי קעגן אומרעכט. הלוואי וואָלטן מיליאָנען נעגערס געשריבן אַזעלכע בריוו!

— און אַז די נעגערס וועלן שרייען, איז וואָס? וועלן מיר האָבן מיליאָנען הייזעריקע נעגערס, — האָט דזשים ביטער געשמייכלט.

דזשעספּער האָט זיך אָוועקגעזעצט. ס'האָט אים פאַרדראָסן וואָס דזשים האָט געמאַכט די סאַרקאַסטישע באַמערקונג. ער האָט שטיל, נאָר פאַרביסן, געזאָגט:

— דזשים, ביזט טאַקע אַ וואוילער מענטש, נאָר עס טוט מיר לייד, וואָס איך מוז דיר זאָגן, אַז בלויז נעגערס וואָס האָבן יאָרן־לאַנג געלעבט באַקוועם און גענאָסן פון זייער אַנגעזאַמלט געלט, און דערצו זענען זיי באַגליקט גע־

וואַרן מיט אַ שיינער און געטרייער פּרוי און אַ געראָטענעם זון, אַזעלכע נעגערס שרייען נישט. זיי קוואַקען און ווערן באַלד הייזעריק . . . נאָר, ווען די מיליאָנען אָרעמע, אויסגענוצטע און הונגעריקע זאָלן אויפהייבן אַ געשריי: גענוג! גענוג געליטן! און זייער געשריי זאָל זיך טראָגן איבער אַלע שטעט, איבער אַלע שטאַטן פון אַטלאַנטישן ברעג ביזן פּאַסיפישן, — זיך טראָגן ווי אַ מעכטיקער דונער, וועט דער געשריי אָנוואַרפן אַ מורא אויף די ווייסע הערשער און זיי וואָלטן געמוזט איינזען, אַז נעגערס זענען אויך מענטשן!

— וואַרט צו, דזשים, וועסט נאָך דערלעבן צו דערהערן דעם געשריי. נענסים בריוו איז דער ערשטער אָנזאָג. דאָס איז די ערשטע שטים, וואָס טוט אַ קלונג אין ווייסן הויז. נענסים בריוו איז נישט קיין צופאַל.

— און נישט נאָר דער בריוו. וואָס דענקסטו האָט געפירט, אַז נעגערס זאָלן קומען איינשטעלן זייערע לעבנס אין קאַמף קעגן דיינע לינטשערס? דו מיינסט, אַז עס האָט זיך בלויז געהאַנדלט אין דיין לעבן? עס איז געווען אַן אויסדרוק פון אַ ווילן זיך צו פאַרמעסטן מיט די ווייסע הערשער, אַן אויסדרוק פון ווייטיק און צאָרן, פון וואַקסנדיקן פּראָטעסט, פון אָנגעזאַמלטן פאַרדרוס אין די הערצער פון דעם נעגער־מענטשן, באַזונדערס פון יינגערן דור. עס איז דער ערשטער אָנזאָג פונעם מעכטיקן געשריי: גענוג! גענוג געליטן!

— און אויך דאָס וואָס מיר האָבן נישט געבויגן די קעפּ פאַר סוזיס פאַר־שווערער און אונטערגענומען אַ קאַמף מיט די הינטישע זין, און זי טאַקע גע־ראַטעוועט? און דאָס וואָס אַזויפיל נעגער האָבן אונטערגעשריבן די פּעטי־ציע? — אַט די אַלע זאַכן זענען דער אָנזאָג, אַז עס הייבט שוין אָן צו טאָגן אין אונדזערע געטאָס, אַז עס רירט זיך. בלויז אַ בלינדער קאָן עס נישט באַ־מערקן.

— דזשים, זאָג נענסין, זי זאָל אָוועקשיקן דעם בריוו, זיי נישט קיין פּחדן! אויב דו ווילסט וועל איך אויך אונטערשרייבן דעם בריוו.

— און איך, וואָס בין איך דאָ, אַ פרעמדע? — האָט סוזי געלאַכט.

— איך קאָן זיך נישט אונטערשרייבן, און מיין האַרץ זאָגט מיר, אַז קיין גוטס וועט פון דעם נישט אַרויסקומען, מיט אַ פּרעזידענט טאָר מען זיך נישט אָנהייבן. די פּרעזידענטן זענען נישט קיין פריינט פון די נעגערס, — האָט די אַלטע מערי געזאָגט.

— מאַמע, אייברעהעם לינקאָלן איז דאָך יאָ געווען אַ פריינט פון די נעגער, — האָט סוזי געזאָגט.

— אָבער אייברעהעם לינקאָלן איז דאָך געווען אַ ווייסער נעגער, ווער ווייסט עס דען נישט? — האָט מערי געזאָגט.

אַ האַרציקער געלעכטער האָט אָנגעפילט דעם צימער.

# די סמיט ברידער

די עלטערע איינוואוינערס פון פאראדיז האבן נאך געדענקט, אז אויף דעם גלאט־אספאלטירטן שאסיי, וואו עס זענען געשטאנען נייע אויטאמאבילן און טראקס, איז מיט יארן צוריק אויף דעם שטיק לאנד געווען א הויף פון ברוכווארג, וואס האט געהערט צו ראסטי רופוס. אויף דעם ארט וואו עס איז איצט געשטאנען א גרויסע שיינע געביידע פון די סמיט־ברידער, איז אמאל געשטאנען א קליינע הילצערנע הייזקע פון טונקל־גרויען קאליר, וואס איז באוואוינט געווארן פון ראסטי־רופוס סמיט מיט זיין ווייב דארים און זיינע דריי זין.

אויפן הויף זענען געלעגן הויפנס ברוכווארג: צעבראכענע אויטאמאבילן, אלטע גומענע רעדער, אפגענוצטע אויוונס און אייז־קאסטנס, קינדער־וועגעלער, צעבראכענע וועליסאפעדן, אלטע בלייענע רערן, פארזשאווערטע העק, האמערס.

רופוס פלעגט קריגן די אלטע סחורה בחינם. אפט פלעגט מען אים נאך צוצאלן פאר צונעמען די שטיקער ברוכווארג. יעדן טאג האט ער אפגעוואשן מיט נאפט דעם זשאווער און האט פארריכט די שטיקער, וואס ער האט געקאנט נוצן און פון וועלכע ער האט געהאפט צו האבן פראפיט. רופוס האט געארבעט שווער און פון זיינע פארדינסטן האט ער קוים געהאט אויף אויסצוקומען מיט זיין פאמיליע.

רופוס איז קיינמאל נישט געגאנגען אין סקול און האט נישט געקאנט שרייבן און לייענען, אבער די זין האט ער שוין געשיקט אין סקול. נאר קיין נייע קליידער און שיך האט ער זיי נישט געגעבן. אויף די ערטער וואו ער האט געקראגן זיין ברוכווארג־סחורה פלעגט ער אפט קריגן אפגענוצטע קליידער און שיך פאר זיך און פאר זיין פאמיליע.

מיט זיינע ברייטע פלייצעס און געדיכטער געלער בארד און געדיכטע ברעמען און גרויע אויגן האט רופוס אויסגעזען בייז. ער איז אבער געווען א שטילער און גוטמוטיקער, קיינמאל נישט אין כעס געווארן און איז געווען קארג אויף א ווארט.

זיין ווייב, דארים, איז געווען דער היפוך פון אים. א הויכע, א דארע, מיט א לאנג פנים, גרויסע שווארצע אויגן און פעך־שווארצע האר, וואס זענען נישט איינגעלעגן אויף אן ארט. זי האט שטענדיק באוועגט מיט אירע דינע ליפן און האט א גאנצן טאג גערעדט און געבורטשעט, און זיך געקלאגט אויף איר ביטערער דאליע.

דאָריס סמיט איז געווען אַ פרומע פרוי. זי איז געווען זיכער, אַז גאָט פאַרנעמט איר טאָג־טעגלעך געבעט און ער וועט זי אַמאָל אויפריכטן, אויס־לייזן פונעם דלות. נאָר ווי אַזוי און ווען דער אַלמעכטיקער וועט עס טאָן, האָט זי נישט געוואוסט און האָט וועגן דעם נישט געוואָלט טראַכטן. דער אַלמעכ־טיקער וועט איין אַ גוטער צייט איר העלפן און גענוג!

לאַנגע יאָרן האָט דאָריס געוואַרט אויף עפּעס אַ נס און אַז דער נס איז נישט געקומען, האָט זי נישט אויפגעהערט צו גלייבן, כאָטש איר אמונה איז אַ ביסל שוואַכער געוואָרן. זי האָט געפאָדערט פון דעם אַלמעכטיקן, ער זאָל זיך אַביסל צואיילן, ווייל דאָס וואַסער האָט שוין דערגרייכט צום מויל . . .

ענדלעך האָט דאָריס זיך דערוואַרט. די הילף איז געקומען. ווען די זין זענען עלטער געוואָרן האָבן זיי פאַרלאָזן די סקול און האָבן אונטער דער השגחה פון זייער טאַטן זיך געלאָזט זוכן ברוכוואַרג און האָבן כמעט יעדע נאַכט, מיט גאָטס הילף, געפונען גוטע אָפּגענוצטע גומי־רעדער, וועליסאָפּעדן און נאָך זאַכן. דער עלטערער זון, מאַרווין, פלעגט אָפּזוכן אַ קונה און פון די פאַרדינסטן האָט זיך באַוויזן אויף דאָריסעס טיש ברויט און פּוטער, קעז און מילך, און כמעט יעדן טאָג האָט די פאַמיליע געהאַט גענוג פלייש.

מאַרווינען האָט אָפּגעגליקט. ער איז געגאַנגען פון קליינע דערפאָלגן צו גרעסערע. די זין פלעגן אויסלייזיקן דזשולערי־סטאָרס, שיך־קראָמען אין דערבייאיקע שטעטלעך און האָבן אָנגעזאַמלט אַ פאַרמעגן.

כדי צו פאַרדעקן זיינע געהיימע ביינאַכטיקע געשעפטן, האָט מאַרווין זיך איינגעשטעלט אַ געשעפט פון גענוצטע אויטאָמאָבילן און דאָס געשעפט האָט אויך אָפּגעגליקט. זיי האָבן אויפגעבויט אַ פאַבריק צו פאַרריכטן און פאַרבן די גענוצטע אויטאָמאָבילן און רופוס איז געוואָרן דער אייגנטימער און פאַרוואַלטער פון דער פאַבריק.

נאָכדעם זענען שוין די רופוס־ברידער געוואָרן אַגענטן פון נייע אויטאָ־מאָבילן און לאַסט־אויטאָס. זיי האָבן אויפגעגעבן זייער „נאַכט־אַרבעט" און זענען געוואָרן רייכע ביזנעס־לייט. אויפן אָרט פון דער אַלטער הייזקע האָבן זיי אויפגעשטעלט אַ פּראַכטפולע געביידע, די אָפּיסעס פון די „סמיט ברי־דער".

די רופוסעס זענען געוואָרן בכבוד'יקע מענטשן. רופוס האָט אָפּגעגאָלט זיין געלע באָרד און אָנשטאָט ראָסטי רופוס (דער פאַרזשאַווערטער רופוס), האָט ער שוין געהייסן מיסטער רופוס דזשיי. סמיט. מרס. רופוס האָט גע־טראָגן נייע קליידער, געדונגען אַ דינסט פאַר הויז־אַרבעט און אַ גערטנער פאַרן גאָרטן, וואָס האָט באַשיינט זייער פּראַכטפולע היים.

טשאַרלי בראַון, דער באָס פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין פּאַ־ראַדיז, האָט ריכטיק אָפּגעשאַצט די פעאיקייטן פון מאַרווין סמיט און האָט אים אַריינגעצויגן אין דער פירערשאַפט פון דער פּאַרטיי. מאַרווין איז גע־וואָרן בראַונס רעכטע האַנט. בראַון און מאַרווין סמיט פלעגן רעקאָמענדירן מענטשן אויף פּאָליטישע שטעלעס און קאָנטראַקטן צו בויען וועגן, מוניצי־פּאַלע געביידעס און זייערע רעקאָמענדאַציעס פלעגן אָנגענומען ווערן. בראַון און סמיט זענען געוואָרן די מאַכט פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין פּאַראַדיז.

פּאַראַדיז איז געוואָרן אַ שטעטל פון „געזעץ און אָרדענונג". דאָרטן האָבן נישט געקאָנט פּאָרקומען קיין סטרייקס, און די נעגער זענען געהאַלטן גע־וואָרן אין צוים אין זייערע געגנטן פון „שוואַרצן גאַרטל". די וועכטער איבער דער מאָראַל פון די בירגער איז געווען דער קו־קלוקס־קלען.

האָט אַמאָל אַן אָרגאַניזאַטאָר פון דער יוניאָן זיך באַוויזן אין פּאַראַדיז און געפּרואווט רעדן צו די אַרבעטער וועגן אָרגאַניזירן זיך, פלעגן שוין די קלעניקעס זען מען זאָל אים אויסטאָן נאַקעט, און אונטער אָנגעלאָדענע רע־וואָלווערן און ביקסן, אים הייסן אַנטלויפן און מער זאָל דאָ זיין געביין זיך נישט באַווייזן.

האָט אַ נעגער געוואַגט אויסריידן אַ שטרענג וואָרט צו אַ ווייסן, אָדער ער האָט זיך פּאַרגונען צו וואַרפן אַן „אוממאָראַלישן" בליק אויף אַ ווייסער פרוי, פלעגן שוין די קלעניקעס אים ביינאַכט אַרויסשלעפּן פון בעט, אים אַוועקפירן אין דערבייאיקן וואַלד און אים מכבד זיין מיט שמיץ אויפן נאַ־קעטן לייב, און אים נאָכדעם אָנגעשמירט מיט ווייסער פּאַרב.

די קלעניקעס האָבן זיך אויך אָפּגערעכנט מיט דעם ווייסן אָפּפאַל, וואָס האָט געזינדיקט קעגן גאָט און לייט.

אַז די נעגער האָבן געזען אויף דעם נאָמענלאָזן וועג, נישט ווייט פון זייער געטאָ, אויפפלאַקערן אַ צלם, פלעגן זיי ציטערן, און געוואוסט, אַז דער קלען זוכט שוין אַ נייעם נעגער־קרבן.

זעלטן האָט זיך אַ קרבן פון קלען געוואַגט צו באַקלאָגן פאַר די געזעץ־היטער. האָט אַ נעגער אַמאָל שוין יאָ געוואַגט צו באַקלאָגן זיך פאַרן שעריף, אָדער הויפּט פון דער פּאָליציי, האָט ער שוין באַקומען זיין פּאָרציע שמיץ. נישט געווען קיין סוד פאַרן קלען. די „עלטסטע" פון קלען און די אָפיציעלע שטאָטישע געזעץ־היטער האָבן געהאַט פאַרבינדונגען מיט די שטאָט־היטער און די מענטשן פון „געזעץ און אָרדענונג".

טשאַרלס בראַון און מאַרווין סמיט האָבן געהאַלטן, אַז דער קלען איז אַ

וויכטיקע אָרגאַניזאַציע, וואָס די געשיכטע פון לאַנד האָט געשאַפן צו היטן איר לעבנס־שטייגער. אמת, עס טרעפט און דער קלען כאַפּט אַמאָל איבער די מאָס, אָבער דאָס איז אַ קליינינקייט אין פאַרגלייך מיט זיינע היסטאָרישע פאַרדינסטן אויפצוהיטן אונדזער דעמאָקראַטיע. מען טאָר נישט וואַרפן קיין שפּרינקעלע אויפן קלען. מען מוז אים לאָזן דערפילן זיינע היסטאָרישע אויפ־גאַבן.

מיט דער צייט איז די פריינטשאַפט צווישן טשאַרלי בראַון און מאַרווין סמיט אַלץ מער געוואַקסן. ביידע זענען געווען געקנאָטן פון איין טייג, ביידע — האַרצלאָזע און געוויסנלאָזע פאַרשוינען, און ביידע האָבן געדאַרשט נאָך כבוד און מאַכט און וואָס מער רייכטום . . .

ביידע האָבן אויך געהאַט אַ שטאַרקן חשק אויסצושפּרייטן זייער מאַכט, ווערן די באַלעבאַטים פונעם גאַנצן סטעיט. מאַרווינס אַמביציע האָט זיך געריסן נאָך העכער.

— מאַרווין, איך האַלט, אַז דו וואָלסט געווען דער בעסטער גאָווערנאָר אין אונדזער סטעיט, — האָט טשאַרלס בראַון געזאָגט זיין פריינט, בעת אַ פּאָליטישן שמועס, וואָס זיי האָבן געפירט.

דער כיטרער מאַרווין האָט געוואוסט, אַז טשאַרלס בראַון פּלאַפּלט נישט גלאַט אין דער וועלט אַריין און אַז זיין באַמערקונג שטאַמט פון צוגע־גרייטע פּלענער . . .

— איך, אַ גאָווערנאָר? — האָט מאַרווין כלומרשט אויסגעדריקט זיין איבעראַשונג, — ס׳איז אַ ביסל צו אַ הויכע שטעלע, נאָר אויב מיט דיין הילף, קלוגשאַפט און דערפאַרונג . . . איך בין אָבער נישט זיכער, צי איך וועל דערוויילט ווערן.

— מיר וועלן עס באַווייזן, נישט געזאָרגט, מאַרווין, — האָט בראַון גע־רעדט מיט זיכערקייט. — ביזט אַ זון פון אָרעמע עלטערן, וואָס איז אויפגע־וואַקסן אין אַ „לאָג קעבין", ווי אַמאָל לינקאָלן. ביזט אַ פּעאיקער געשעפטס־מאַן. ביזט געמאַכט ווי צו אָרדער.

— מאַרווין, דאָרט וואו אַנדערע באַמערקן נישט דעם שפּיץ פון אַ באַרג, זע איך שוין דעם גאַנצן באַרג. ס׳וועט זיין גענוג פאַר היינט. מיר וועלן נאָך רעדן, — האָט בראַון פאַרענדיקט אַ באַגייסטערטער פון זיינע אייגענע רייד. בראַון האָט צוגעגעבן:

— נאָר איין זאַך, מאַרווין, דו גאָווערנאָר, און איך — סענאַטאָר; אָפּ־געמאַכט?

מאַרווין האָט געציטערט פון פרייד.

נאָר . . . דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן האָט מאַרווין טיף געטרויערט. וועז עס האָט פּאַסירט דאָס אומגליק מיט בראַונען האָט ער דערשפּירט, אַז זיין בעסטער פריינט איז געשטאָרבן און מיט אים ווערן באַגראָבן זיינע אַמ־ ביציעס, ווערן צערונען זיינע אַלע האָפענונגען אַרויפצוקלעטערן אויפן העכסטן שטאַפּל.

גלייך נאָך דער לוויה, ווען מען האָט פאַרשאָטן דעם קבר פון זיין פאַר־ קוילטן פריינט, איז מאַרווין אָפּגעפאָרן אין אַן אַנדער שטאָט, זיך געדונגען אַ צימער אין אַ האָטעל, האָט אויסגעטרונקען עטלעכע גלעזער בראָנפן און זיך אַריינגעוואַלגערט אין בעט, געוואָלט שלאָפן און פאַרגעסן . . .

ער האָט נישט געדענקט ווי לאַנג ער איז געשלאָפן. בלויז געדענקט, אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון צייט־צו־צייט און געטרונקען. ער האָט אַ קוק געטאָן אין שפּיגל, געזען זיין פאַרוואַקסן בלאָנדן האָר־זוים אויפן פּנים און האָט געטראַכט, אַז ער האָט געמוזט אָפּשלאָפן צוויי טעג. די ליידיקע פלעשער אויפן טיש האָבן באַשטעטיקט אַז עס איז אַזוי.

ער איז אַוועק אין אַ טערקישער שוויץ־באָד, זיך דאָרט געלאָזט מאַסאַ־ זשירן זיין קערפּער, נאָכדעם זיך אָפּגעראַזירט, געגעסן אַ גוטן מאָלצייט און איז צוריקגעפאָרן אַהיים. ווי נאָר ער איז אַהיימגעקומען, האָט ער איינגע־ לאַדן דעם שעריף צו זיך אין שטוב.

האַנעסט טשאַק ראַדזשערס, דער שעריף פון פּאַראַדיז, איז געווען באַ־ קאַנט ווי אַ מענטש מיט אַ געזונטן פאַרשטאַנד און אַ געזונטן קערפּער. ער האָט געהיט דאָס שטעטל ווי זיין אייגנטום. טאָג און נאַכט איז ער אַרומ־ געפאָרן איבער די גאַסן אין זיין אויטאָמאָביל צו זען צי אַלץ איז אין אָרדע־ נונג. קיין זאַך איז נישט געווען פאַרהוילן פון זיינע אויגן. ער האָט געוואוסט, וואָס עס טוט זיך אין די געמבלינג־הייזער, אין די זנות־פּלעצער, און ווער עס האַנדלט מיט גע׳גנב׳עטער סחורה. ער האָט געקענט די פירער פון די גנבים־באַנדעס אין די אַרומיקע שטעט און אפילו געוואוסט אַלע געהיימע־ נישן אין; די הייזער פון די בכבוד׳יקע בירגער. ער האָט זיך געפלייסט אַנט־ קעגנצוקומען דעם ווילן פון טשאַרלי בראַון און מאַרווין סמיט — די פּאָלי־ טישע באָסעס פון פּאַראַדיז.

האַנעסט טשאַק ראַדזשערס איז נישט געווען קיין שטאַרקער אָנהענ־ גער פון סתם געזעץ. ער האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז די ריכטער טייטשן אויס דאָס געזעץ ווי עס לוינט זיך זיי, און לויט דער מאָס פון פּאָליטישע אינטע־ רעסן. פּאָליטישן איינפלוס, האָט ער געוואוסט, קאָן מען נישט קויפן אין אַ „צען־סענט״־קראָם. מען דאַרף פאַר דעם גוט באַצאָלן. אָרעמע לייט קאָנען

דערפֿאַר קיינמאָל נישט דערוואַרטן דער געזעץ זאָל זיי באַשיצן. עס קאָן אַמאָל פּאַסירן, אַז אַ ריכטער זאָל צוּוואַרפֿן אַ ביינדל צו אַ קבצן, אָבער דאָס טוען זיי נאָר ווען סע לוינט זיך זיי, כדי צו פֿאַרדעקן זייער טאָג־טעגלעכע פּראַקטיק, ביים קונציקן אויסטייטשן דאָס געזעץ לטובֿת די רייכע און פֿאָ־ליטיש איינפֿלוסרייכע.

טשאַק האָט דערפֿאַר אויסגעמיטן צו האָבן צו טאָן מיט די רייכע. ער האָט ריכטיק אָפּגעשאַצט זייער מאַכט און האָט מורא געהאַט פֿאַר זיי. אין די רייכע געגנטן איז ער געווען ווי אַ פֿרעמדער.

טשאַקס מאַכט האָט זיך אויסגעשפּרייט אין די געגנטן פֿון מיטלקלאַס און די נישט־פֿאַרמעגלעכע. דאָרט איז ער געווען שעריף און געהיט די אָרדענונג. ער האָט נישט דערלאָזט צו קריגערייען און אומרוען אין די טרינק־הייזער, אין די געמבלינג־ און זנות־פּלעצער. ער איז דערפֿאַר שטענדיק געווען אויף דער וואַך אין די געגנטן וואו מען האָט פֿאַר אים מורא געהאַט.

דער טראַגישער טויט פֿון טשאַרלס בראַון און זיינע זין, פֿעליקס און קלאָמזי און די שריפֿה אין געהילץ־סקלאַד, האָט צעטומלט און צערודערט דעם שעריף. זיין וועלט איז אויפֿגעטרייסלט געוואָרן. ער האָט טאָג און נאַכט געזוכט אַ שפּור וואָס זאָל אים פֿירן צו די גרויזאַמע פֿאַרברעכער, אָבער — אָן דערפֿאָלג. ער האָט געהאַט אַ שטאַרקן פֿאַרדאַכט אויף דזשים בישאָפּ, ער האָט געהאַלטן, אַז דער נעגער מיט זיינע פֿריינט האָבן דורכגע־פֿירט אַ נקמה־אַקט אויף די בראַונס, נאָר קיין באַווייזן פֿאַר דעם האָט ער נישט געהאַט.

ווען מאַרווין סמיט האָט אים טעלעפֿאָנירט און אים געבעטן אַריבער־קומען, האָט ער זיך שטאַרק דערפֿרייט.

— טשאַק, דו זעסט אויס ווי אַ מענטש, וואָס גרייט זיך באַגעגענען דעם באַשעפֿער, — האָט אים מאַרווין געזאָגט.

— איך גרייט זיך נאָך נישט שטאַרבן, נאָר זינט דער קאַטאַסטראָפֿע גיי איך אַרום אָן אַ קאָפּ. מיר האָבן געעפֿנט די פֿייער־קאַסע אין בראַונס אָפֿיס, איבערגעקוקט די ביכער, האָב אויסגעפֿרעגט יעדן איינעם, וואָס האָט געפֿירט געשעפֿט מיט די בראַונס, געפֿאָרשט יעדן גנבֿ און געמבלער. די באַנק, וואו טשאַרלי איז געווען אַ דירעקטאָר, האָט אָנגעבאָטן די סומע פֿון דריי טויזנט דאָלער, און די אַלמנה — צוויי טויזנט, פֿאַר אינפֿאָרמאַציע, וואָס קאָן פֿירן צו די פֿאַרברעכער, — אָבער ביז איצט האָט זיך נאָך קיינער נישט אָפּגערופֿן. איך קאָן פּשוט נישט שלאָפֿן פֿון ערגערניש. ווער האָט

דורכגעפירט דעם פאַרברעכן? ווי געפינט מען די הינטישע זין? — האָט טשאַק פאַרענדיקט און איז געבליבן זיצן אַן ערנסט פאַרזאָרגטער.

מאַרווין איז צוגעגאַנגען צו זיין שאַפע, אַרויסגענומען אַ פלאַש, אָנגעפילט צוויי גלעזלעך און פאַרגעלייגט טשאַקן צו נעמען אַ גלעזל, כדי צו באַרואיקן זיינע צעשרויפטע נערוון.

— נישט געזאָרגט, טשאַק, — האָט מאַרווין געזאָגט, — פריער אָדער שפעטער וועלן מיר געפינען די פאַרברעכער.

— דערווייל רייסט דער לוויזיקער רעדאַקטאָר פון „קוריער" פון מיר פאַסן אין זיינע עדיטאָריעלס און קאַרטונס, אין וועלכע ער שטעלט מיך פאָר ווי אַן אומפעאיקן פאַליסמאַן, — האָט טשאַק געזאָגט מיט באַדויער.

— נישט געזאָרגט, דאָס וועל איך שוין באַזאָרגן. אָבער ווי איז עס מעגלעך, וואָס ביז איצט האָסטו גאָרנישט געפונען, אַפילו קיין שפור נישט? — האָט מאַרווין אַריינגעגאָסן אַ גלעזל אין האַלדז אַריין.

דער שעריף האָט אויך אויסגעטרונקען, זיך אָפגעווישט די ליפן און זיך צערעדט:

— אַ פאַרדאַכט האָב איך, נאָר קיין סימן נישט פון אַ באַווייז. יעדעס מאָל ווען איך ריר זיך צו צום פאַרדאַכט, שלאָג איך זיך אָן אין אַן אייזערנער וואַנט.

— און וועמען פאַרדעכטיקסטו? — האָט מאַרווין אומגעדולדיק געפרעגט.

— ס'איז אַ פאַרפלאָנטערטער ענין, אפשר קאָנסטו מיר אויפקלערן דאָס רעטעניש?

— דערצייל, שעריף, — האָט מאַרווין געזאָגט אין אַ באַפעלערישן טאָן, — די איינצלהייטן פון דער געשיכטע זענען וויכטיק. דערצייל מיר אַלץ.

— אָט דאָס איז די געשיכטע, מאַרווין: דער נעגער דושים האָט געטראָגן אַ האָס אויף טשאַרלי בראַון. מיט עטלעכע וואָכן צוריק האָט מיר טשאַרלי טעלעפאָנירט. ווען איך בין געקומען צו אים אין אָפיס האָט ער, בראַון, אויסגעגאָסן פאַרזאָרגט. ער האָט מיר געזאָגט, אַז איך זאָל פאַרמאַכן דאָס פראָסטיטוציע־הויז, וואָס סוזי פירט אָן. פאַרשיקן זי אין טורמע און פאַרמאַכן דעם סאַלון.

— טשאַרלי, די ניגערס זענען אָרנטלעכע און שטילע מענטשן, איך האָב קיינמאָל נישט קיין צרות פון זיי, — האָב איך אים געזאָגט, און טשאַרלי האָט זיך צעשריגן:

— איך פרעג ביי דיר נישט קיין מיינונג וועגן זיי. דו באַרימסט זיך, אַז דו ווייסט אַלץ וואָס עס טוט זיך אין פּאַראַדיז, זאָג מיר, ווער האָט געשאָסן אויפן ניגער לעבן דזשימס סאַלון?

— איך הייב נישט אָן צו וויסן! — האָב איך אים געזאָגט.

— און וועגן דעם, אַז דזשים בישאָפּ האָט געצאָלט דעם שפּיטאָל פאַרן פאַרוואונדעטן נעגער ווייסטו, מיסטער שעריף? — האָט בראַון געקוקט אויף מיר מיט חשד און איך האָב געפילט ווי ער דערלאַנגט מיר מיט אַ האַמער אין קאָפּ. די קני האָבן זיך מיר אונטערגעגראָבן. איך האָב געטראַכט: ווער ווייסט? אפשר איז ער גערעכט, אַז די ניגערס פירן אָן מיט שמוציקע געשעפטן. איך האָב נישט געהאַט וואָס צו ענטפערן, מיין צונג איז געלײמט געוואָרן.

— און ווי מיינסטו, טשאַק? — האָט בראַון געפרעגט, — זאָל איך זיך פאַרלאָזן אויף דיר, אָדער רעדן צום גאָווערנאָר? זאָג אַליין, מאַרווין, וואָס האָב איך אים געקאָנט ענטפערן. איך האָב ליב געהאַט דעם באָס . . ענדלעך האָב איך צוריקבאַקומען מיין לשון און האָב אים געזאָגט, אַז ער וועט זיך קיינמאָל נישט קאָנען באַקלאָגן אויף מיין לאָיאַליטעט, אַז איך האַלט פון אים נישט ווייניקער ווי איך האַלט פון מעיאָר און גאָווערנאָר. און דאָס, מאַרווין, איז טאַקע געווען דער ריינער אמת.

— איך בין אַוועק פון טשאַרלים אָפּיס אין שפּיטאָל און אויסגעפונען, אַז ער האָט געהאַט רעכט. די שפּיטאָל דאָקומענטן האָבן באַשטעטיקט, אַז דזשים האָט געצאָלט די הוצאות פאַר דעם פאַרוואונדעטן ניגער. עס פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב געטאָן אַלץ וואָס בראַון האָט געוואָלט. נאָר טשאַרלי איז אַלץ נישט געווען צופרידן. אַן מיין וויסן האָט פעליקס, טשאַרלים בוכהאַלטער, אָרגאַניזירט אַ לינטשינג־גרופּע און די לינטשערס האָבן אויפגעריסן דזשימס סאַלון. זיי האָבן אָבער נישט געכאַפּט דעם ניגער, ווייל די ניגערס האָבן זיי אַזוי צע׳מזיק׳ט, אַז מען האָט זיי נישט געקאָנט דערקענען. שפּעטער איז פאָרגעקומען די שריפה און די טראַגעדיע. וואָס איך פאַרשטיי נישט, איז פאַרוואָס דער האַס פון טשאַרלין צום ניגער? פאַרוואָס האָט ער אים געוואָלט אָפּראַמען פון וועג? און זאָג מיר, מאַרווין, האָב איך גענוג גרונט צו פאַרדעכטיקן דזשימין אין אָפּראַמען די בראַונס?

— דו האָסט אויסגעפרעגט דעם ניגער דזשים? — האָט מאַרווין ווידער אָנגעפילט די ליידיקע גלעזלעך.

— איך האָב אים שוין איינמאָל אויסגעפרעגט. אַ גאַנצן טאָג, מיט גוטן און מיט בייזן, און דער ניגער האַלט זיך אין איין שווערן ביי זיין טויטער מאַמען אַז, ער ווייסט פון גאָרנישט. ער האָט מיר אויך געזאָגט, אַז ער האָט

מיט אַ צייט צוריק געראַטעוועט טשאַרלים זון פון אַ זיכערן טויט אין אַן עקסי־דענט. ער האָט גע׳טענה׳ט, אַז מיר האָבן אומשולדיק פאַרשיקט זיין שוועגערין אין תפיסה, פאַרמאַכט זיין סאַלון און ער פאַרשטייט נישט פאַרוואָס. טשאַרלי האָט געשיקט די לינטשערס אים צו לינטשן און אויפרייסן זיין סאַלון. איין זאַך איז קלאָר, אַז צווישן טשאַרלין און די ניגערס איז פאַרגעקומען אַ מלחמה. איך פאַרדעכטיק דעם ניגער דזשים, נאָר איך האָב נישט קיין באַווייזן.

— איך בין אַוועק צו טשאַרלים אלמנה און זי האָט באַשטעטיקט דעם ני־גערס ווערטער. אויך זי זאָגט, אַז טשאַרלי מיטן ניגער זענען געווען די בעסטע פריינט, און אַז דער ניגער האָט געראַטעוועט איר זון פון אַ זיכערן טויט.

מאַרווין האָט זיך אויפגעהויבן פון בענקל, זיך אַרומגעדרייט אין צימער און געפרעגט:

— טשאַק, דו ווייסט ווער עס זענען ביג דזשימס פריינט?

— זיין בעסטער פריינט איז איינער דזשעספער, אַ ראַדיאָ־טעכניקער, אַ געלערנטער ניגער. דער זעלבער ניגער, וואָס האָט געהאַלטן אַ רעדע אין דער קירך און געטיילט פּעטיציעס צווישן די נעגער מען זאָל באַפרייען סוזין.

דער שעריף האָט אַריינגעגאָסן נאָך אַ גלעזל אין האַלדז אַריין.

— און די נעגער, וואָס האָבן צע׳הרג׳עט די ווייסע וואָס זענען געקומען נעמען ביג דזשים קענסטו?

— צוויי פון די וואָס זענען געווען אין שפּיטאָל קען איך.

מאַרווין האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן בענקל און זיינע בלויע אויגן זענען אָנגעצונדן געוואָרן מיט צאָרן. ער האָט גערעדט שטרענג:

— וואָס טראַכסטו, טשאַק, האָבן די נעגער געטאָן אין ביג דזשימס הויז יענע נאַכט?

— זיי האָבן געוואַרט.

— ווער האָט זיי אָרגאַניזירט? ווער האָט זיי באַצאָלט פאַר צע׳מזיק׳ן די ווייסע? און פון וואַנען האָבן זיי געוואוסט, אַז די ווייסע וועלן קומען נאָך דזשימען? ווער איז זייער פירער? — האָט מאַרווין געהאַלטן אין איין פרעגן.

— פאַרשטייסט דאָך, אַז איין נעגער אליין האָט נישט געקאָנט אָפּטאָן די אַר־בעט פון דערמאָרדן די בראַונס, פעליקסן און אונטערצינדן די געביידע פון געהיליץ־געשעפט. עס האָט געמוזט זיין אַ גאַנצע באַנדע, און די גאַנצע מעשה, אַז דזשים האָט געראַטעוועט טשאַרלים זון פון אַ זיכערן טויט, איז אויסגע־טראַכט פון אָנהייב ביזן סוף. טשאַרלים אלמנה ווייסט נעבעך פון גאָרנישט. דאָ איז פאַרוויקלט אַ גרויסער קנויל, טשאַק, די פאַרשווערונג קעגן דער בראַון פאַמיליע איז גוט פּלאַנירט געוואָרן, און איז דורכגעפירט געוואָרן פון אַ באַנדע

גנויטע מערדער און אונטערצינדער. דאָס האָט געקאָסט געלט. ביג דזשים איז אַ רייכער נעגער און ער זעט אויס צו זיין אַ פּעאיקער ניגער. ער האָט אַ סאַלון, אַן אייגענעם אויטאָמאָביל, און דער פריינט זיינער, דער דזשעספּער, איז אַן אגיטאַטאָר. ער האָט געמוזט אָרגאַניזירן די גאַנצע פאַרשווערונג. זיי קאָנען אַ סך דערציילן וועגן דעם. פאַרגעס נישט, שעריף, אַז דער דזשעפּסער איז אַ דערפאַרענער יונג. הכלל, מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ כיטרער דערפאַרענער באַנדע, ווער ווייסט צי זיי גרייטן זיך נישט פאָרצוזעצן די טראַגישע דראַמע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין פּאַראַדיז. דאָס איז בלויז אַן אָנהייב.

דעם שעריפס פּנים איז געוואָרן צונטער־רויט און זיינע שטאָל־בלויע אויגן האָבן געגלאַנצט. זיינע ליפּן האָבן באַקומען אַ בלוייִען קאָליר און בלויע אָדערן זענען געלאָפן איבער זיינע שלייפן. טראָפּנס שווייס זענען געשטאַנען אויף זיין שטערן און ער האָט אַריינגעגאָסן נאָך אַ גלעזל בראָנפן אין זיך.

— מאַרווין, — האָט ער געזאָגט, — דו מיינסט, אַ גאַנצע באַנדע איז פאַרוויקלט אין דעם ?

— און אויב מיר וועלן באַצייטנס נישט געפינען די שולדיקע, וועלן זיי דורכפירן נאָך נקמה־אַקטן. מערדערייען ! אויס געזעץ ! הפקר אַ וועלט ! פאַר־שטייסט, טשאַק ?

דער שעריף האָט זיך אויפגעהויבן און בייז געמורמלט צו זיך אַליין :

— נקמה־אַקטן, שריפות ! מיר וועלן זען, מיר וועלן זען ! איך לעב נאָך !

:: :: ::

דזשים בישאָפּ איז ווידער געזעסן אין שעריפס אָפיס און זיך געשוואוירן מיט אַלערליי שבועות ביי זיין פאַרשטאָרבענער מאַמע, אַז ער ווייסט גאָרנישט וועגן מאָרד פון די בראַונס.

דעם שעריפס רויטער פּנים איז געוואָרן נאָך רויטער. ער האָט אַריינגע־שטאָכן זיינע אויגן אין דזשימין און ער האָט געשריגן :

— די שבועות פון אַ ניגער זענען גלייך צום בילן פון אַ הונט. איך גיב דיר פיר־און־צוואַנציק שעה זיך צו באַטראַכטן, און נאָכדעם דערצייל מיר דעם אמת ווער עס האָט דערמאָרדעט טשאַרלי בראַון און זיינע זין. געדענק ! פיר־און־צוואַנציק שעה, און דו שטעל מיר בעסער צו די נעמען פון די וואָס זענען יענעם אָוונט געווען ביי דיר אין הויז און האָבן צעשלאָגן די ווייסע. מער וועל איך זיך מיט דיר נישט אַרומשפּילן. געדענק וואָס איך רעד צו דיר !

דער שעריף איז געווען מלא רציחה ווען ער האָט שפּעטער גערעדט צו דזשעספּערן.

— דו זאָגסט, אַז אַ ווייסער שיכור האָט געשאָסן אויף דיר, האַ ?

— יאָ, איך האָב שוין איינמאָל געענטפערט ווען איך בין געלעגן אין שפּי־טאָל.

— און פאַרוואָס האָט בישאָפּ געצאָלט פאַר דיר אין שפּיטאָל? בישאָפּ איז דיין טאַטע, דיין ברודער?

— איך האָב אים געוואָלט אומקערן דאָס געלט, נאָר ער האָט נישט גע־וואָלט נעמען.

— ביסט אַז אָפטער גאַסט ביי אים אין הויז?

— איך בין פאַר׳קנס׳ט צו זיין שוועגערין סוזי.

— אַזוי גאָר! אַ נאָענטע שייכות. און דו ווייסט נישט ווער עס זענען די מערדער?

— ניין, מיסטער שעריף, איך האָב מיט די בראַונס קיינמאָל נישט געפירט קיין געשעפטן, און איך ווייס נישט ווער עס זענען געווען זייערע פריינט אָדער שונאים.

— און די צוויי נעגער, וואָס זענען געלעגן אין שפּיטאָל, אינייינעם מיט דיין פריינט דזשים, קאָנסטו?

— זיי וואוינען אין מיין געגנט און זיי זענען שטילע, אָרנטלעכע, אַרבעטנ־דיקע מענטשן.

— וואָס האָבן זיי יענע נאַכט געטאָן אין דזשימס סאַלון?

— זיי זאָגן, אַז זיי האָבן דאָרט געשפּילט אין קאָרטן. איך גלויב זיי.

— און די אַנדערע נעגער קאָנסטו אויך?

— איך ווייס נישט וויפל ס׳זענען דאָרט געווען. איך ווייס נאָר פון צוויי.

— וואו האָסטו גענומען אַזויפיל ביכער?

— איך האָב געקויפט די ביכער פאַר מיין ערלעך פאַרדינט געלט, מיסטער שעריף.

— און דו האָסט געליינט די ביכער? צוליב וואָס לייענסטו אַזויפיל ביכער?

— נעגערס זענען דאָרשטיק נאָך וויסן, מיסטער שעריף, פּונקט ווי די ווייסע . . .

דער צאָרן האָט געברענט אין שעריפס אינגעווייידן. ער האָט געברומט:

—אַזוי, ניגערס זענען אַזוי ווי די ווייסע, דו אַליין ביזט אַ מענטש ווי אַ ווייסער?

— מיסטער שעריף, איך פאַרדין מיין ברויט פון ערלעכער אַרבעט. איך שיכור נישט, נעם ביי קיינעם גאָרנישט צו, באַשווינדל קיינעם נישט און באַ־רויב קיינעם נישט פון זיין פרייהייט. איך לינטש קיינעם נישט. — — —

— שאַראַפּ! פאַרמאַך דיין מויל, לוויזיקער ניגער! העד אויף מיט דיין פילאָזאָפיע און אַגיטאַציע. איצט ווייס איך שוין! ביזט איינער פון יענע, פון די רויטע. דו האָסט געהעצט אין דער קירך קעגן געזעץ און קעגן די ווייסע.

— ניין, איך האָב נישט געהעצט קעגן די ווייסע. איך האָב בלויז דער־ציילט די מענטשן אין דער קירך וועגן די עוולות וואָס זענען באַגאַנגען גע־וואָרן קעגן סוזין, ווען מען האָט פאַרשיקט אין טורמע אויף אַ שענדלעכער אָנקלאַגע.

— האָסט דאָרטן געפּלאַפּלט וועגן רעכט און פרייהייט, האָסט אָרגאַני־זירט די נעגער צו מאָרדן די ווייסע און טשאַרלס בראַון מיט זיינע זין זענען געווען די ערשטע קרבנות.

— נישט אמת, מיסטער שעריף. נעגערס זענען נישט קיין מערדער. זיי — — —

— שאַראַפּ! האָסט שוין אָפּגעזונגען דיין לעצטע רעדע, דזשעספּער, וועסט שוין לייענען ביכער אויף יענער וועלט! דו ענטפער מיר בעסער, ווער האָט פאַרפאַסט די גאַנצע מגילה, די פּעטיציע, אַז סוזי איז אַן ערלע־כע פרוי.

— איך מיט אַ לאָיער!

— אַזוי, דו און דער לאָיער! דער געריכט, דאָס געזעץ, הייסט עס, באַגייט אומרעכטן?

— אין סוזיס פאַל איז עס געווען אַ גרויס אומרעכט.

— דו, דזשעספּער, האָסט פיינט אונדזער געזעץ און אָרדענונג.

— איך גלייב אין אָרדענונג, מיסטער שעריף, פאַר אַלע, פאַר ווייסע און נעגער.

— הייסט עס, דזשעספּער, אַז דו ביסט זיך מודה אין אומצופרידנ־קייט מיט די געזעצן און ביזט קעגן דער מאַכט, וואָס שאַפט די געזעצן. טשאַרלס בראַון איז געווען איינער פון די וואָס האָבן געשאַפן די געזעצן, וואָס האָט געהאַט מאַכט אין פאַראַדיז . . .

— טשאַרלס בראַון איז געווען די מאַכט? — האָט דזשעספּער גע־שמייכלט, — ווער האָט אים געגעבן די מאַכט? ווער האָט אים דערוויילט?

— דו לאַכסט, האַ? ס'טוט דיר הנאה, וואָס האָסט פאַרניכטעט די מאַכט אין שטאָט און איצט ווערסטו צוגרייטן נייע פאַרברעכנס? מאַכסט אַ טעות! מיר וועלן אָננעמען מיטלען, לוויזיקער ניגער, צו באַשיצן די שטאָט!

— באַשיצן די שטאָט איז זייער נאָבל, — האָט דזשעספּער געזאָגט רו־איק, — נאָר פאַרגעס נישט, מיסטער שעריף, אַז אויך די נעגער נייטיקן זיך אין שוץ.

מער האָט שוין דער שעריף נישט געקאַנט אויסהאַלטן און אַרויסגע־שטופּט דזשעספּערן פון צימער.

דזשעספּער איז אַרויס אַ צופרידענער. ער האָט געשמייכלט, — די מאַכט איז צעטומלט און צעשראָקן, האָט ער געטראַכט מיט הנאה.

האַנעסט ראַדזשערס איז אויך געווען צופרידן. ער האָט געטראַכט, אַז נאָך היינט אָוונט וועט ער דערציילן מאַרווין סמיט, אַז ער איז זיכער, אַז דזשעספּער איז דער הויפּט־פאַרשווערער פון דער באַנדע קעגן געזעץ און אָר־דענונג.

:: :: ::

געשען איז עס אין מיטן טאָג. דזשים בישאָפּ האָט געהאַלטן אין מיטן אַנלאָדן אויף אַ טראָק די פאַרקוילטע ברעטלעך, דאָס איבערבלייבעכץ פון זיין פאַרברענט הויז. ווי פון דער ערד זענען אויסגעוואַקסן צוויי ווייסע מענער און מיט די קוילן פון אַ מאַשין־ביקס האָבן זיי צעלעכערט דזשים בישאָפּס קערפּער און זענען פאַרשוואונדן אין זייער אויטאָמאָביל.

אין זעלבן טאָג האָט מען אויך געפונען דזשעספּערס פון קוילן־צעלעכער־טן קערפּער אויף דעם נאָמענלאָזן וועג, וואָס פירט פון דער נעגער געגנט צום הויפּט־וועג נומער 6.

דער שעריף, „האָנעסט טשאָק" ראַדזשערס מיט זיינע פריינט זענען ביז צען אויף דער נאַכט אַרומגעפאָרן איבער די גאַסן און געסלעך פון פּאַראַדיז צו היטן די „אָרדענונג". זיי האָבן געזוכט די פאַרדעכטיקטע נעגער, וואָס גע־הערן צו בישאָפּס און דזשעספּערס באַנדע. אַרום צען איז ראַדזשערס אַריינ־געגאַנגען אין מאַקס סאַלון.

— העלאָו שעריף! — האָט אים אַ פריינטלעך קול באַגריסט, — האָסט עפּעס גוטע נייעס? שוין געכאַפּט די מערדער?

— טשאָק האָט זיך אומגעקוקט. דאָס איז געווען טאָם, דער טראָק־טריי־בער פון בראַונס געשעפט.

— נאָך נישט! נאָר מיר זענען אויפן ריכטיקן וועג. מיר וועלן כאַפּן די פאַרברעכער.

— שעריף, מאַרטאַ מוז וויסן אַ סך. זי איז דאָרטן געווען זיבן אַזייגער יענעם אינדערפרי.

— פון וואַנען ווייסטו אַז זי איז דאָרט געווען?

— איך האָב געאַרבעט ביים אַלטן בראַון און וויים, אַז די נעגערטע פלעגט דאָרטן קומען יעדן זיבן אינדערפרי. פעליקס פלעגט אויפשליסן דעם אָפּיס און לאָזן מאַרטאַן אויסרייניקן די צימערן. דערנאָך האָט זי אָפּגעווישט

די אויטאָמאָבילן, און אַריינגיין אין קיך מאַכן קאַווע. צוועלף פלעגט זי אַהיים גיין. זי מוז ווײסן וואָס דאָרט איז פאָרגעקומען.

— און ווען ביזטו געקומען צו דער ארבעט ?

— אַכט אַזייגער.

אַ האַלבע שעה שפּעטער האָבן דעטעקטיוון געבראַכט מאַרטאַן אין שעריפס אָפּיס.

— קום מיט מיר, מאַרטאַ, — האָט דער שעריף באַפוילן דער נעגער־פרוי, וואָס האָט געציטערט פון שרעק.

ער האָט זי אַרונטערגעפירט אין קעלער און אָנגעצונדן דאָס עלעקטרישע ליכט. ער האָט געעפנט די טיר פון איינעם פון די קעמערלעך אָן פענצטער, האָט אַ דריק געטאָן אַ קנעפּל און איר באַפוילן אַריינגיין אין אַ קעמערל.

אין שמאָלן צימער איז געשטאַנען אַ טישל, אַ בענקל און לעבן דער וואַנט אַ הילצערן בעטל מיט אַ מאַטראַץ. לעבן דער וואַנט אַ וואַש־באַסיין און אַ טאַילעט. די לופט איז דאָ געווען פייכט.

דער שעריף האָט פאַרמאַכט די טיר, אַריינגערוקט ביידע הענט אין די הויזן־קעשענעס און אַ ברום געטאָן :

— טו זיך אויס, מאַרטאַ !

מאַרטאַ האָט אויף אים געקוקט מיט איבערראַשונג.

— טו זיך אויס, זאָג איך !

— שעריף, איך בין נישט קיין גרויסע מציאה. בין אַן אַלטע . . . בין שוין פערציק . . .

— טו זיך אויס, לויזיקע ניגערטע, אויב נישט וועל איך אַראָפּרייסן דיין קלייד מיט דיין הויט צוזאַמען.

מיט ציטערדיקע הענט האָט מאַרטאַ אַרונטערגעצויגן איר קלייד.

דער שעריף האָט גערעדט :

— מיט אַ וואָך צוריק האָסטו מיר געזאָגט, אַז דו פלעגסט רייניקן די אָפּיסעס ביי מיסטער בראַון, און יענעם אינדערפרי ווען דו ביזט אַהין געקומען איז אַלץ געווען איינגעוויקלט אין פלאַמען.

— ריכטיק, מיסטער שעריף !

ער האָט אַרונטערגענומען זיין ברייטן גראָבן לעדערנעם פּאַסיק און מיט ווילדער רציחה אַ שניט געטאָן איבער מאַרטאַס פּלייצע. זי האָט אַ געשריי געטאָן פון ווייטיק און זיך פאַרשטעלט די פּלייצע מיט ביידע הענט.

דער לעדערנער פּאַס האָט אַ שניט געטאָן איבער אירע בריסט און זי האָט ווילד געיאָמערט. טרערן זענען געראָנען פון אירע אויגן און דער פּאַס

האָט געשניטן איבער איר קערפּער, ביז ער איז געבליבן הענגען אין שעריפס הענט און זיין פּנים האָט געברענט פון רציחה.

— איך גיב דיר דריי מינוט זאָלסט מיר דערציילן דעם גאַנצן אמת, אויב נישט וועסטו קיין לעבעדיקע פון דאַנען נישט אַרויס. וועסט געשוואָלן ווערן ווי אַ באַרג און וועסט בלינד ווערן. נאָכדעם וועל איך דיך אַריינוואַרפן אין טייך.

מאַרטאַ איז געשטאַנען אַנגעבויגן. איר קערפּער האָט געברענט ווי אין אַ קאַלך־אויוון. אירע ליפּן האָבן געפּליסטערט: „זיסער גאָט, העלף מיר".

ווען דער לעדערנער פּאַס האָט ווידער אַ שניט געטאָן איבער איר קערפּער, איז זי געפאַלן אויף די קני, האָט אויפגעהויבן די הענט און געשריגן: „הער אויף, הער אויף! איך וועל זאָגן דעם אמת. איך שווער ביי גאָט!"

ראַדזשערס האָט זי אַ בריקע געטאָן מיט אַ פוס און זי איז געבליבן ליגן אויפן דיל און געשלוכצט.

— זעץ זיך אויפן בעטל און דערצייל.

— זיבן אַזייגער ביסטו דאָרט געווען.

— ריכטיק, מיסטער שעריף!

— איך זאָג דעם אמת, מיסטער שעריף, ביי גאָט שווער איך, כ'האָב געזען, אַז קלאָמזי איז פּלוצים אַריינגעלאָפן אין אָפיס, האָט אָנגעכאַפּט מיסטער פעליקסן פאַרן גאַרגל און פעליקס איז געפאַלן אויפן דיל ווי אַ שטיק האָלץ. איך בין פאַרגליווערט געוואָרן פון שרעק, זיך נישט געקאָנט רירן פון אָרט.

— נאָכדעם איז לאַרי אָנגעקומען. איך האָב געוואָלט שרייען, נאָר איך בין שטום געוואָרן.

מאַרטאַ האָט ביטער געיאָמערט:

— מיין גאָט, מיין גאָט, הלוואי וואָלט איך בלינד געוואָרן. קלאָמזי האָט געשלאָגן מיטביידע פויסטן לאַרין איבערן קאָפּ. נאָכדעם איז עדי אָנגעקומען אין זיין אויטאָמאָביל, איך האָב געשריגן צו אים, אָבער ער האָט מיך נישט געהערט און נאָכדעם איז אָנגעקומען מיסטער בראַון אַליין. איך האָב געמיינט, אַז ער וועט אָפּשטעלן דאָס געשלעג, נאָר אין עטלעכע מינוט שפּעטער האָט שוין קלאָמזי געטראָגן אַן עמער געזאָלין. דעמאָלט בין איך אַנטלאָפן, מיסטער שעריף. געלאָפן מיטן גאַנצן כוח, געפאַלן, זיך אויפגעהויבן און בין ווידער געלאָפן. פונדערווייטנס האָב איך געזען די פלאַמען און דעם רויך.

— איך בין נישט געגאַנגען אַהיים, מיסטער שעריף, בין אַוועק צום רעווערענד דזשאַנסאָן און אים דערציילט וואָס איך האָב געזען. ער האָט מיר נישט

געגלייבט, געמיינט אַז איך בין שיכור . . . ער האָט מיר געהייסן איך זאָל אַלץ דערציילן דעם שעריף. אָבער איך האָב אים געזאָגט, אַז איך האָב מורא זיך אריינמישן אין געשלעגן צווישן ווייסע. האָט ער מיר געהייסן גיין אין דער קירך בעטן גאָט. איך בין אריין אין קירך און געקניט און געבעטן יעזוסן מיר געבן אַ צייכן. יעזוס האָט געשוויגן און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז איך דאַרף אויך שווייגן . . .

מאַרטאַ איז געבליבן זיצן און האָט שטיל געוויינט און געפירט אירע הענט איבער איר געשוואָלענעם און צעווייטיקטן קערפּער.

— טו זיך אָן און טראָג זיך אָפּ פון דאַנען ! — האָט ראַדזשערס געברומט, — און האַלט דעם פּיסק, אויב דו ווילסט לעבן.

ווען מאַרטאַ איז אַוועק, האָט זיך דער שעריף אַוועקגעזעצט אויפן בעטל, זיך איבערגעצלמ׳ט, און אַ מידער פאַרדעקט זיין פּנים און געמורמלט : „גאָט, מיין גאָט !"

:: :: ::

אין סוזיס הויז האָבן די דריי פרויען — מערי, נענסי און סוזי געוואַכט איבערן צעלעכערטן קערפּער פון דזשים בישאָפּ.

אין אַן אַלט גרוי הויז אין דער נעגערשער געגנט האָבן די שכנים און פריינט געיאָמערט איבער דעם טויטן קערפּער פון דזשעספּערן.

ערגעץ אויף די שלאַכטפעלדער אין אייראָפּע האָט דער נעגער לאַרי־דזשים בישאָפּ, איינעם מיט נאָך נעגערשע סאָלדאַטן און ווייסע זעלנער, זיך געשלאָגן קעגן די נאַצי־מערדער פאַר דער דעמאָקראַטיע און דער ציווי־ליזאַציע און פאַרן לאַנד פון די פרייע און בראַווע . . .

אויף דעם ברייטן נאָמענלאָזן שאָסיי, וואָס פירט פון „בלעק בעלט" אין דער געטאָ, וואו עס האָט געהערשט דלות, נויט און פּלאָג, האָט געפלאַקערט אַן אָנגעצונדענער צלם, דער סימבאָל פון פינצטערן ראַסן־האַס און לעגאַלן מאָרד אויף דעם טונקל־הויטיקן בירגער.

אויף דער טיר און די פענצטער פון קליינעם יידישן טעמפּל אין פּאַראַ־דיז, „אנשי צדק", זענען מיט שוואַרץ־געדיכטער פאַרב אָנגעשמירט געוואָרן גרויסע סוואַסטיקאָס.

אַ יונגער יידישער סאָלדאַט, וואָס איז אַהיימגעקומען פון אייראָפּעאישן שלאַכט־פראָנט איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אויף זיינע קוליעס, געקוקט מיט ברייט צעעפנטע אויגן אויף די סוואַסטיקאָס, און זיינע ליפּן האָבן גע־מורמלט : „דאָ אויך ?" און טרערן זענען גערונען איבער זיין אָפּגעצערטן און בלייכן פּנים.

# אַ וואָרט פון בוך־קאָמיטעט

כמעט אין יעדן בוך ווערט אָפּגעדרוקט דאָס בילד פון דעם מחבר, און ביים אָנהייב אָדער ביי דער ענדע, דערציילט מען דעם לייענער דעם יחוס פון דעם שרייבער, ווען און וואו ער איז געבוירן געוואָרן, אין וועלכן אוניווערסיטעט ער האָט געלערנט, וואָס זיין באַשעפטיקונג איז געווען איידער ער האָט זיך גענומען צו דער מלאכה פון שרייבן, און ווי דערפאָלגרייך ער איז אויף דעם געביט, און אַזוי ווײַטער.

אָבער עס איז אַ צווייפל צי מען דאַרף פאַר די לייענער פון דעם בוך דערציילן ווער דער מחבר איז, און וואָס זיין באַשעפטיקונג איז געווען כמעט זיין גאַנץ לעבן, און אין וואָס פאַר אַ חדר ער האָט געלערנט.

ווען גאָלד האָט איבערגעלייענט די נאָוועלע פאַר אַ צאָל פון זיינע לאַנגיאָריקע פריינט און מיטקעמפּער, איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאָרמירן אַ קאָמיטעט אויף אַרויסצוגעבן די נאָוועלע אין אַ בוך.

די הויפּט פּראָבלעם איז געשטאַנען פאַר דעם קאָמיטעט, צו שאַפן פינאַנציעלע מיטלען אויף אַרויסצוגעבן דעם בוך.

עס איז אַ באַקאַנטער פאַקט, אַז יוניאָן־פירערס און פּרעזידענטן פון אינטערנעשאַנאַל יוניאָנס זענען, חלילה, נישט קיין אָרעמעלייט. פּרעזידענטן פון טרעיד יוניאָנס זאַמלען אַן טויזנטער דאָלאַרן יעדן יאָר פון זייערע „נעבעכדיקע" שכירות. אַ חוץ די שכירות קריגן זיי גרויסע סומעס פון די יוניאָנס צו דעקן זייערע וועכנטלעכע „אויסגאַבן" (עקספּענסעס). אַ חוץ דעם אַלעמען קריגן זיי נאָך פּעטע יוניאָן־פּענסיעס אויף זייערע עלטערע יאָרן. אָבער עס איז נישט קיין סוד, אַז בען גאָלד, דער פּרעזידענט פון דער פאָר און לעדער אַרבעטער־יוניאָן, האָט פון זיינע שכירות נישט געקאָנט אָפּשפּאָרן גענוג געלט אויף אַרויסצוגעבן ביכער, דערפאַר האָט דער „בען גאָלד בוך־קאָמיטעט" באַשלאָסן אַרויסצולאָזן אַ רוף פאַר ספּאָנסאָרס צו העלפן אַרויסגעבן דעם בוך. דער אָפּרוף איז געווען זייער אַ גינסטיקער און אַ וואַרעמער. ווער מיט גרעסערע, ווער מיט קלענערע סומען.

ווער זענען די מיטגלידער פון דעם בוך־קאָמיטעט, און ווער זענען די ספּאָנסאָרס? זיי זענען די, וועלכע האָבן יאָרן לאַנג מיטגעאַרבעט און מיטגעקעמפט מיט בען גאָלדן. זיי האָבן פאַרנומען וויכטיקע פּאָזיציעס אין דער יוניאָן־פירערשאַפט, אין די קאַמפן און סטרייקס פון די פאָריערס, נאָדל־טרעיד אַרבעטער, און אין אַנדערע טיילן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. זיי זענען אַ טייל פון די ברייטע מאַסן אַרבעטער, וועלכע זענען, צוזאַמען מיט גאָלדן, געווען פאַרוויקלט אין די שטורמישע קאַמפן צו באַפרייען די טרעיד־יוניאָנס פון קאָרופּציע און גענגסטעריזם, פאַר פּראָגרעסיווע יוניאָנס, פאַר קירצערע אַרבעט־שטונדן און גרעסערע שכירות, פאַר בעסערע אַרבעט־ און לעבנס־באַדינגונגען, פאַר אָרגאַניזירן די נישט־אָרגאַניזירטע, פאַר אַרבעטלאָזע פאַרזיכערונג, פאַר עלטער־פּענסיע, און פאַר אַ פּראָגרעסיווער, דעמאָקראַטישער אַמעריקע.

איבער דריי צענדליק יאָר זענען זיי צוזאַמען מיט בען גאָלדן געשטאַנען אין דער פירערשאַפט פון די טויזנטער קלאַסן־באַוואוסטזיניקע און מיליטאַנטע נאָדל־טרעיד אַרבעטער, וועלכע

האָבן געקעמפט אויף די פּיקעט־לאַינס, אויף דעמאָנסטראַציעס קעגן פאַשיזם און נאַציזם, קעגן אימפּעריאַליסטישע מלחמות, קעגן דיסקרימינאַציעס פון די נעגערשע מאַסן, פאַר הילף צו די פאַרהונגערטע אַרבעטלאָזע, וואָס זענען געווען די קרבנות פון דעם עקאָנאָמישן קריזיס, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דאָס גאַנצע לאַנד.

די היסטאָרישע קאַמפּן פון די אַרבעטער און די פּראָגרעסיווע כוחות אין אונדזער לאַנד פאַר בעסערע לעבנס־באַדינגונגען, פאַר אַ פּראָגרעסיווער אַמעריקע, ווערן פאַרגעזעצט.

דער קאַמף פון די אויפגעוואַכטע רעוואָלטירנדיקע נעגערשע מאַסן פאַר זייערע מענטשלעכע רעכט, דער ברענענדיקער קאַמף פון די בעסטע אַמעריקאַנער זין און טעכטער קעגן דער מערדערלעכער, בלוטיקער און שמוציקער מלחמה אין וויעטנאַם, און דער קאַמף פאַר אַ פרידלעכער וועלט איז אַ פאַרזעצונג פון די היסטאָרישע קאַמפן פון די אַרבעטער בכלל און פון די נאָדל־אַרבעטער בפרט.

דער בען גאָלד בוך־קאָמיטעט גלייבט, אַז גאָלדס נאָוועלע איז אַ ווערטפולער צושטייער צו דעם גערעכטן קאַמף פון די נעגערשע מאַסן, און באַטראַכט דאָס אַרויסגעבן דעם בוך אַלס אַ המשך — אַ פאַרזעצונג פון די לאַנג־יאָריקע טעטיקייטן פאַר אַ בעסערער און שענערער וועלט.

## די ליטעראַרישע ווערט פון בוך

מען קאָן איינשטימען מיט די פּראָגרעסיווע ליטעראַטור־קריטיקער, וואָס האַלטן, אַז די הויפּט־אויפגאַבע פון אַ פּראָגרעסיוון שרייבער איז קלאָר און שאַרף אַרויסברענגען די מענטשלעכע טראַגעדיע, וואָס איז אומפאַרמיידלעך אונטער אַ סיסטעם פון פּראָפיט און עקספּלואַטאַציע. עס איז אונדזער מיינונג, אַז בען גאָלד האָט די אויפגאַבע דערפילט אין דער נאָוועלע.

וואָס שייך די אַנדערע אויפגאַבן פון אַ פּראָגרעסיוון שרייבער, ווי למשל, אָפּשפּיגלען די ווירקלעכקייט דורך בילדער, אַנטוויקלונגען אין דעם מענטשן־מאַטעריאַל, און דער ציל אַרויסצורופן ביים לייענער זיינע מענטשלעכע געפילן און ערנסטע געדאַנקען, וועגן דעם צי עס איז גאָלדן געלונגען צו דערגרייכן די צילן, וועלן די לייענער אַליין פּסק'ענען.

הגם מעג דאָ פאַרצייכנט ווערן, אַז קיין אַנדער יוניאָן־פירער, אָדער יוניאָן־פּרעזידענט האָט נאָך דערווייל נישט אָנגעשריבן קיין בוך וועגן דעם היסטאָרישן קאַמף פון די נעגערס, וואָס פלאַקערט איבער דער לענג און ברייט פון אונדזער לאַנד, וואָס קאָן נישט און טאָר נישט אָפּגעטיילט ווערן פון די טאָג־טעגלעכע קאַמפן, שטרעבונגען פון דער אַרבעטער־באַוועגונג.

די געוויסנס פון אַ גרויסער צאָל יוניאָן־פירער — מיט אייניקע אויסנאָמען — בלייבט פאַרגליווערט אי בנוגע דער מערדערלעכער מלחמה אין וויעטנאַם און דער ערנסטער געפאַר פון דעם וואַקסנדיקן מיליטאַריזם אין אונדזער לאַנד.

ס'איז אויך אַ פאַקט, אַז אויף יידיש איז אויף דער טעמע נאָך קיין בוך נישט פאַראַן. אפשר וועט גאָלדס בוך זיין אַן אָנהייב.

דער „בען גאָלד בוך־קאָמיטעט" דריקט אויס אַ האַרציקן דאַנק אַלע ספּאָנסאָרס און פריינט וואָס האָבן מעגלעך געמאַכט אַרויסצוגעבן דעם בוך „דער מזל'דיקער (לאַקי) דזשים".

**בען גאָלד בוך־קאָמיטעט**

משה פּינטשעווסקי, פאַרזיצער

מערי פליישמאַן, סעקרעטאַר

## ספּאָנסאָרס

אובאַגי מערי
איזן איזי און פרוי
אַלפּער סעם
אַנטאָנאָוו דינאַ און בען
אַקסעלראָד מאָרים
ארענשטיין אברהם

באָגדאַנסקי ענאַ
בארענפעלד פרענק
ביאַלער דזשעני און דזשעק
ביילים עטל און נייטן
ביילענדער הערמאַן
ביק אברהם
בירנבוים מאַרטין
בלענק אייב און ענאַ
בעלאָום ראָוז און הערי
בעקער פרענסיס און פיליפּ
בערנשטיין ראָוז און מעקס
בערקאָוויץ הערי
בראַון מאָרי

גאוואריז קלאַראַ און אוירווינג
גאָלד העלען און דזשוליוס
גאָלד טשאַרלס
גאָלדבערג איטשע
גאָלדבערג הערי
גאָלדבערג פרענק
גאָלדווירט בעלאַ
גאָלדהויזש איידאַ
גובער פרידאַ און הערי
גוירווין אסתר און נייטן
גוירווין ענאַ און איזי
גוירווין חיים
גיל דזשעק און פרוי
גילערט מאָרים
גלאַזמאַן חנה און שמשון
גלאַנצמאַן בעטי
גלאָצער פעני
גראָסמאַן אסתר
גרין מעקס
גרינבערג אסתר
גרינבאום סאָפי
גערמאַן מערי

דאַרדיק מאַלי און סעם
דוביצקי גאָלדע און אברהם
דינסקי לעאָן
דיק מאָרים
דזשענאָווסקי אברהם און פרידאַ

האָפמאַן יוסף
הייד ענאַ און סעם
הארטענשטיין אַלעקס
הערים דאָראַ און סעם
הערשקאָוויץ מעקס

וואָלדער דזשעק
וואולפסאָן לילי און מאָרים
וואַסערמאַן ראָוז און קאַרל
ווינער ש.
וויים אברהם
וויים איוואַ
וויים לואי און ריוואַ
וויים רעגינאַ
ווייסמאַן גאָסי
ווילקינס ווילִיאַם
ועסטעלמאַן ראָוז

זאַקהיים מאיר און מערי
זיסעלמאַן ל.
זווערדלינג דוד

טעמס ה.
טישלער סאול
טייטלבאום ווילִיאַם
טענענבאום בעלא און דזשעק
טעפּט ווירא
טשאַנאָווסקי דאָראַ און הערי

יאָנג פּאַולין און בען

כץ אסתר

לענדזש ראָוז און מ.
לאָובער מאָרים
לאַנגער איידאַ געקער
לאַפּעגאַ דזשיימס
ליפערט אסתר
ליפשיץ אַרטשי
לייבאָוויץ סעם

לעוויז מערי און טביה
לעווינסאָן דוד
לעבאָוויצקי לוסי און אברהם
לערמאַן סאָניאַ און טשאַרלי

מאַנדשיין ראָוז און בערנאַרד
מאָסקאָוויץ איזידאָר
מאַסקין אַרטשי
מאַרקוס גאָלדע
מאַרקוס העראָלד
מאַרקיזאָן אסתר און סעם
מיגדאַל ה.
מילי
מילער אסתר און סאול
מילער דאָראַ און דזשעק
מילער עטל
מישקין פרומע
מעלצער סעם
מענספּייזער דזשעק
מערין פעני
מערקער גאָלדע

נון ראָוז און מעקס
ניומאַן העלען פּייזער און אַדאָלף
נעמעראָף בעסי
נעמעראָף טשארלס
נעלסאָן וואָלטער

סאַפּיר מאַקס און קעידי
סאָלאָנאַ העלען
סאַנדלער גדליה
סאָקאָלאָף ענאַ און טאָמאַס
סול מ. א.
סולער חיים
סווערדלאָף שרה און מילטאָן
סעלניק מ. און פּ.
סטאַון ענאַ און בען
סטילמאַן לואי
סטרים רוט
סיגל אידיט
סיגל סאול
סילווערמאַן סאול
סיראָטאַ אַלעקס
סיראָטאַ העלען

סקאָלניק שרה און אברהם
עסענפעלד דייוו

פּאַקס מאַלי און לואי
פּאַור דזשין הורלינג
פּאָרמאַן איוואַ
פּאָזניאַק אַלפרעד און עמאַ
פינטשעווסקי משה
פעדערמאַן סיימאָן
פלייער סעם
פליישמאַן מערי
פעטאַלומאַ יידישער קולטור קלוב
פעלדמאַן מ.
פענקין לאה שייפער
פענקין לעאָן
פעק סעם
פערלאָף מאַקס
פערלמאַן דזשאָרדזש
פרידמאַן בעקי

קאָהן מאָרים ה.
קאָהן דזשעני
קאַופבערג מיני
קאָלטער בעסי און אהרן
קאַמינער פּ., ד"ר
קאַופמאַן איזי
קאַופמאַן מאַרטין
קאַפּלאַן אייב
קאַפּלאַן דאָראַ און הערי
קאַפּלאַן ליל און נעט
קאַזאַן דאָראַ און אַלטער
קוירק ראָוז
קורץ פעני און לואיס
קופּער לואיס
קופּער מעקס
קושניר פעני
קושניר רוט און ישראל
קוסניר מעי
קיטאָף פעני און היימאַן
קעלערמאַן לילי
קענדער לינאַ און אברהם
קעם דוד

ראָזען אסתר
ראָזען סאָפי און איזידאָר
ראָזען איטקע און הערשל
ראָטבלאַט מיוריעל און אָסקאַר
ראטנער י.
ראָם ביטריס
ראַפּאַלאָוו מיני
ראַפּאַפּאָרט דזשאָו
רובין אַהרן
רובענשטיין רוט און אַלעקס
רייך פעני
רעזניק סעם

שאַגאַל דזשייקאָב און פּרוי
שטיינבערג גאָרדן
שינאַזי העלען
שניידער דזשעק
שניידער סאָניאַ
שניידער קלאַראַ בראָטמאַן
שניידער ליאַ
שוואַרץ פעני און דזשעק
שעראַגאַ בען